# והאיש משה...

משה לאָקיעטש און זיין דיכטונג




תל־אביב תשמ״ט — 1989

שעפּט די בענקשאַפט פולע קרוגן,
יעדער רמז איז אַ וויגן
פון אַ גאָלדיק רייפער זאַנג.
ווי דער דאָרשטיקער געטראַנק ;

**אליהו ליפינער**

# והאיש משה...

## א

ווען דער מאַן משה לאַקיעטש איז געווען אַ ייִד פון פּשטות, וואָס האָט שטענדיק גערעדט מיטן שטילן קול און זיך קיין מאָל ניט געריסן צו אַ פרעמדן עמוד — וועט ערשט איצט נתגלה ווערן זיין פאַרנעם; איצט — אַז דאָס אָרט איז געבליבן ליידיק סיי אין וועלטראַט פאַר ייִדיש, פון וועלכן ער איז געווען דער סעקרעטאַר, סיי אין דער ייִדיש־ליטעראַטור פון בראַזיל, ווו ער איז געווען פון די טאַלאַנטירטסטע צווישן דער קליינער גרופּע פּאָעטן וואָס האָבן זי באַצירט — וועט זיין געשטאַלט זיך אָפּשלאָגן אין דעם איבערגעלאָזטן חלל אין אירע אויטענטישע דימענסיעס און פאַרבן.

אין דער פּאָעזיע האָט ער געהאַט זיין דרך. שוין אין טיטל פון ערשטן לידערבוך (1969) לאָזט ער עס אונדז הערן: **דער גורל פון אַ קרייז**. משמע, ניט קיין אַבסטראַקטע ליריק נאָר קאָנקרעטע געמאַטעריע פון לעבן, און נאָך פּאָליטיש־ציוניסטישע דערצו. זיין טעמאַטיק איז דערפאַר אַן אויטאָביאָגראַפישע: די איבערלעבונגען ווי אַ ייִדיש ייִנגל אין פּוילן, שלום־צייט, אויסגעשטעלט אויף די קלעפּ פון שקצים; שוין עלטער, ווי אַ מיטגליד פון אַ פאָלק וואָס איז געווען געצייכנט פאַרן אומקום; דער דראַמאַטישער וואָגל, שפּעטער, איבער די וועגן פון דער וועלט און אין די צפונדיקע אייז־געביטן; און, לסוף, דאָס דערשלאָגן זיך צו אַ קאַפּ מנוחה אין דער טראָפּישער ריאָ־דע־זשאַניירא. און אָט דער גאַנצער קרייזלויף פון גורל האָט זיך נאָר געשלאָסן בשלימות — איז ער מסביר אין אַן ליד — בשעת זיינס אַ קינד האָט זיך איינגעביר־גערט אין ישׂראלדיקן גליל, וועגן וועלכן שיינע, ענטוזיאַסטישע פערזן זענען דערפאַר איינגעשלאָסן געוואָרן אין זיין לידערבוך געשריבן אין ווייטן בראַזיל.

און דאָ, בנוגע זיין אָרגאַנישן אינטערעס צו ישׂראל, בעט זיך און רייסט זיך אַ פערזענלעכע דערמאָנונג. באַלד נאָך דער יום־כּיפּור־מלחמה בין איך פון ישׂראל אַריינגעפאַלן קיין ריאָ־דע־זשאַניירא, און די ייִדן דאָרטן האָבן פון מיר געוואָלט עפּעס הערן וועגן דעם מצב. האָב איך פאַר זיי אין אַ טרויעריקן אָוונט־שמועס אונטערן טיטל **אַ ברייוועלע דעם טאַטן**, ערגעץ אין אַן עפנטלעכן לאָקאַל אין קאָפּאַ־

קאַבאַנאַ, איבערגעגעבן ווי די בריוווטרעגערס אין ישׂראל זענען געווען אויפֿן פראָנט, און ווי טאַטעס וואָס האָבן דאָרט געהאַט זייערע זין, ואני בתוכם, האָבן זיך פֿרייוויליק געמאָלדן אויף צו צעטראָגן די בריוו פֿון פֿראָנט, און ווי זיי האָבן געזוכט מיט פּחד און ציטער צווישן דעם פּעקל אין זייערע הענט עפּעס אַ שריפֿט-סימן פֿון דעם אייגענעם זון.

משה לאָקיעטש, וואָס איז געזעסן צווישן עולם, האָט זיך, ביים סוף, דערנענטערט און מיר געזאָגט: איך האָב ערשט אָפּגעווישט אַ טרער אין די אויגן. ער האָט זי טאַקע געהאַט אָפּגעווישט, אָבער זי איז געבליבן פֿינקלען אין אַ גאַנצן ציקל לידער וואָס הייבט זיך אָן מיט דער „באַלאַדע וועגן דעם ונתנה תוקף וואָס איז אַנטלאָפֿן פֿונעם מוסף אין יום-כּיפּור". אין איינעם פֿון די לידער וועגן דעם מי ימות ומי יחיה-גורל פֿון די קינדער אויפֿן פֿראָנט, שרייבט ער: „ס׳רייסט יעדער טאָג ביים בלויען הימל פֿאַסן קריעה / פֿאַרלוירן ווערן וועלטן אין באַגינען / ס׳הענגט די זון זיך יעדן טאָג אויף הויכער תּליה / און ברענט ווי אַ קאָפּ מטורפֿדיק אָן זינען".

## ב

ווי אַ יונגער בעל-מלאכה אַ מאָל, אַ סטאָליער, האָט ער קוים דערגרייכט צו באַזוכן דעם וואַרשעווער **סעמינאַר פֿון יִדישיסטיק ביים פֿאָלקס-אוניווערסיטעט קולטור-ליגע.** אין די שפּעטערדיקע מלחמה-יאָרן האָט קיין רייד ניט געקאָנט זיין וועגן לערנען. איצט, צוליב זיין אויפֿגעוועקטן און אויפֿגעברויזטן אינטערעס פֿאַר דעם מקום ווּ עס האָט זיך אַזוי שלימותדיק געשלאָסן דער קרייז פֿון זיין לעבנסגאַנג, האָט אים פּלוצעם אָנגעהויבן אַרן פֿאַר וואָס עס איז אים יִנגלווייז ניט באַשערט געווען פֿאַרבייצוזיין על פּתחה של תּורה און פֿאַר וואָס עס פֿעלן אים די סגולות פֿון אַ תּלמיד-חכם: „מיט גמראס כ׳האָב זיך קיין מאָל ניט געברודערט / אין פּרדס פֿון תּנ"ך אויך קיין מאָל ניט שפּאַצירט".

אָבער, כּפי מע ווערט געוואָר פֿון זיינע טעקסטן, אין וועלכע עס זענען אָפּט אַריינגעפֿלאָכטן קאָרעקט צוגעפּאַסטע העברעיִזמען, האָט ער אַ פּנים אויטאָדידאַקטיש ממלא געווען דעם חסר. סיי-ווי דינט דער באַגריף „תּלמיד-חכם" אין דער תּלמודישער מסורה און אין די שפּעטערדיקע מוסר-ספֿרים ניט דווקא ווי אַן אַנטיטעזיס צו דעם אומגעלערנטן מענטשן, צי ווי אַן אויסשליסלעכע באַצייכענונג פֿאַר בעלי-מקרא, בעלי-הלכה און בעלי-אגדה; נאָר דער עיקר פֿאַר דעם מענטשן וואָס האַלט זיך ס׳גאַנצע

לעבן פאַר אַ תּלמיד, וואָס די אינעװײניקייט און דרויסנדיקייט זענען ביי אים האַרמאָניש („תּוכו כברו”), וואָס גייט באַלעבאַטיש געקליידט און רעדט מיט אַ שטילן קול. אַזאַ קאַטעגאָריע תּלמיד־חכם איז משה לאָקיעטש סיי־ווי געװען.

מיט שטילן קול הייסט טאַקע דאָס צווייטע בוך זיינס (1975). אויב די ערשטע זאַמלונג עפנט זיך מיט אומעטיקע טייגע־לידער פון ווייטע וואָגל־ערטער, הייבט זיך שוין דאָס צווייטע בוך אָן מיט פרייילעכן בראַזיליאַנער פּייסאַזש, וואָס דער מחבר איז געווען פון די ערשטע און די לעצטע אַריינצופלעכטן אים אין ייִדיש־ליד, הגם, ווי זיין שטייגער, אין דער רעם פון אויטאָביאָגראַפישקייט.

די לכאורה ביאָגראַפיש־יחידישע טעמאַטיק פון זיינע לידער בלייבט סיי־ווי דער שפּיגל פון אַ דור. פון ערלעכער אידעאָלאָגישער ייִדישיסטיק איז לאָקיעטש איבער־געגאַנגען צו דעם געדאַנק פון איינגלידערן זיך, טאַקע דורך עליה, אין העברעיִשן ישׂראל, און זינגען וועגן דעריין אין „זיין ייִדיש”, וואָס איז אויף תּמיד פאַרבליבן, ווי די מלאכה זיינע, אַ וויכטיקער עלעמענט אין דער שלימות פון זיין גורל־קרייז. זיין לשון איז דאָס לשון פון אַ בעל־אומנות, אַ סטאָליער, אַ מעבל־צייכענער, וואָס הובלט די שפּראַך אין דעם זעלביקן מעמד ווען ער הובלט און שניידט קלעצער פאַר קלאַסיש־סטיליזירטע שאַפעס און טישן: „אין מיטן פון מעסטן קובן, קוואַדראַטן / בויגיקע ליניעס ביי קלאַסישע סטילן / כ'צייכן און רעכן אויף שפּראַך פון מיין טאַטן / ווייל כ'קאָן נאָר מיט ייִדיש מיין שלימות דערצילן”.

ג

אין ביידע לידער־זאַמלונגען שענקט דער פּאָעט אַ סך שורות פון לויב, דאַנק און בקשה דער אייגענער משפּחה. נאָכן אַריבערשפּרייזן אַ וועלט פון הונגער און וואָגל, איז ביי אים משפּחהדיקייט נאַטירלעך געוואָרן אַ באַליבטע טעמע. אין איינעם פון די פיל פערזן פון דער דאָזיקער קאַטעגאָריע פרעגט אים דער טאַטע — ווי אַלע טאַטעס וואָס ווילן זען די גדולה פון זייערע קינדער — פאַר וואָס ער האָט נאָך ניט אָפּגעלאָזט דאָס סטאָליעריי. באַקומט ער פון זון אַן ענטפער גענומען פון זיין אייגענעם, דעם פרעגערס, אַמאָליקן עצות־אוצר: „ניט רייסן זאָלסט זיך צו קיין פרעמדן עמוד / נאָר תּפילה טאָן פאַר זיך מיט שטילן קול”. אָט־די עצה האָט דער זון אויסגעפּאָלגט ס'גאַנצע לעבן: גערעדט אויף שטילן קול און ניט געריסן זיך צו קיין פרעמדן עמוד. ווי אין חומש שטייט: והאיש משה...

**ח. ש. קאַזדאַן**

# משה לאָקיעטש — „גורל פון אַ קרייז״

עס איז אַ גרויסע צופרידנשטעלונג אַריינצופירן אין דער ביבליאָטעק פון ייִדישער פּאָעזיע — אַ נייעם טאַלאַנט. און גאָר אָנגענעם איז עס פאַר מיר פאָרצושטעלן משה לאָקיעטש: מיט יאָרן צוריק איז ער געווען אַ תּלמיד פון דעם „סעמינאַר פאַר ייִדישיסטיק ביים פאָלקס-אוניווערסיטעט קולטור-ליגע״, וואַרשע, מיט וועלכן איך און מיין חבר שלמה מענדעלסאָן האָבן אָנגעפירט. שוין אין דעם סעמינאַר האָט זיך מ. לאָקיעטש אויסגעטיילט מיט זיין אינטעליגענץ און ליטעראַרישע פעיִקייטן. פאַר די לעצטע צען-פופצן יאָר האָבן מיר זיינע לידער אָפט געטראָפן אין **צוקונפט, אונזער צייט א״אַ.** די לידער-זאַמלונג וואָס דער לייענער האַלט איצט אין האַנט, איז זיין ערשט בוך.

פון פאַך אַ מעבל-אַרבעטער, איז ער אַזוי פאַרבליבן זיין גאַנץ לעבן. עס האָבן אים געטריי געדינט „די הענט זיינע געהאָרכזאַמע, צעאָדערטע און שטילע״ ווען ער איז געווען פאַרשיקט בעתן לעצטן וועלטקריג אין די סאָוועטישע לאַגערן אויפן וייטן צפון. ער האָט דאָ אין די טייגעס געהאַקט וועלדער, געזעגט ברעטער, געפלאָכטן טראַטוועס.

דער ריטם פון די זעגן, דאָס שמידן מיט קייטן די ריזן-ביימער אין די טראַטוועס — קלינגט כּסדר אין זיינע אויערן. ער זעט „אַלע נעכטנס ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ״. נאָכן גרויסן נע ונד געפינט ער אַ מקום מנוחה אין בראַזיל, ער קערט זיך אום צו זיין פיזישן און קינסטלערישן פאַך. זיין פעדער איז געוואָרן רייף און ער ווייס ניט „וואָס מאָלן איך זאָל — אַ שאַנק צי אַ שיר, / ווייל גלייך טייער פון זיי ביידן, איז מיר יעדער״. די געשיקטקייט פון זיינע הענט, די עסטעטישקייט פון זיינע מעבל-צייכענונגען, פון זיינע „בויגיקע ליניעס ביי קלאַסישע סטילן״ — פאַרבינדט ער אַזוי נאַטירלעך מיט זיין דיכטערישן טאַלאַנט — אין בילד, קלאַנג, ריטם און סימעטריע. די טעמאַטיק פון זיינע לידער איז: די טייגע מיט איר ווילדער שיינקייט און ביטערער פּיין, זיין טאַטע וועמען ער האָט דאָרט פאַרלאָרן און באַגראָבן אין האַרטן

צפונדיקן אייז, וואַרשעווער געטאָ און איר אויפשטאַנד, בראַזיל מיט איר ים און בערג, ישׂראל־לאַנד ווו זיין טאָכטער און אייניקל „גייט איצט אויף אין לאַנד פון חנען".

זיין שפּראַך איז קרעפטיק, נאַטירלעכער מאַמע־לשון. זיינע בילדער זענען קאָנקרעט, שמעקן מיט „פליישיק האָלץ". ער האָט ליב דאָס לעבן, ער האָט ליב מענטשן. זיין סטיל האָט די גרויסע מעלה פון אויסגעהאַלטנקייט, האַרמאָנישקייט, אויפריכטיקייט. זיינע לידער וועגן זיין „לעבן" אין טייגע און וועגן פאַרלוירענעם טאַטן — זענען ליריש, מיט ווייכקייט און עמאָציע. אים איז פרעמד דאָס געפיל פון פאַרצווייפלונג, זיין געזונטער לעבנס־אינסטינקט איז גובר. ער גייט אַנטקעגן זיין צוקונפט מיט פעסטן טראָט, מיט געזונטן אָפּטימיזם פון אַ פאָלקסמענטש, אַן אַרבעטסמענטש.

זיינע לידער וועגן בראַזיל, וועגן די שיינקייטן פון לאַנד און פון פאָלק — זענען אָריגינעל, פריש. ער האָט ליב דעם ים, די בערג, דעם ספּאָרט, די שטאָט ריאָ, — די דאַזיקע לידער אָטעמען מיט אַ סך פרייד און לעבנסלוסט. זיינע נאַטור־לידער זענען אייגנאַרטיק. ער גיט אַ סך רעאַלע און אויך פאַנטאַסטישע נאַטור־בילדער. ער זעט ווי קליין דער מענטש איז לגבי דער מעכטיקער נאַטור. ער האָט צו דער מאַמע־נאַטור ליבשאַפט ווי אַ קינד.

זיין ליבע צו דער קראַנקער מאַמע און צו זיין טאָכטער לוסיאַ איז רירנד. די דאַזיקע גרופּע לידער האָט אַ סך צאַרטקייט. די טאָכטער און דאָס אייניקל זענען געגעבן אין דער ראַם פון מדינת־ישׂראל. מ. לאַקיעטש האָט ליב דאָס לאַנד מיט זיין אָריגינעלער נאַטור־אומגעבונג, מיט זיין ריטם פון בויונג און קאַמף.

מיט אַ געזונטן שפּראַך־אינסטינקט שמידט ער אויס פון זיין וואַרשעווער לשון — נייע זאַצפאָרמען, וואָרט־באַהעפטונגען, — אַ שפע פון שפּראַך־רייכטימער, וואָס דריקן אויס זיינע פאַרגלייכן און אַסאָציאַציעס. ער שעמט זיך ניט מיט זיין וואַרשעווער אַקצענט און ער גראַמט טייגע מיט מדרגה.

צומאָל איז ער ביטער־סאַטיריש, אַ מאָל ווידער ווייך־הומאָריסטיש, עלעגאַריש. ער וואָלט געוואָלט „זיין ליד זאָל נאָך ווערט זיין אַ פרייז און דעם מענטש ברענגען נוץ". ער האָט עס איצט דערגרייכט מיט זיין בוך.

1969

**פּראָפ. יודל מאַרק**

# פּאָעזיע פון געזונטער פשטות

מיר האָבן איצט פאַר זיך משה לאָקיעטשעם צווייט לידערבוך. אין דעם ערשטלינג זיינעם, אין גורל פון אַ קרייז (1969), זאָגט ער וועגן זיך אַז ער איז „אַ ייִד שוין אַ קיימא־לן אין יאָרן" און ייִנגער ווערט דאָך קיינער ניט. געבוירן אין 1911, איז דאָך דער דיכטער שוין אָט באַלד אויף דער שוועל פון זקנה. פאַרחידושט אונדז די קרעפּטיקע, די כּוחותדיקע יוגנשאַפט וואָס דער דיכטער דער זיידע האָט אויפגעהיט אין זיינע מוסקלען און אין זיינע שורות. דאָס איז אַ געבענטשטע גרינע יונגשאַפט און עס טראָגט זיך פון איר דער טערפּקער טעם פון זיין כּסדר אָנהייבעריש. עס איז די אָנהייבערישקייט פון די ווייסע מאַנדל־בליטן וואָס זענען די ערשטע באַזיגערס פון ווינטער ; עס איז די אָנהייבערישקייט וואָס רייסט זיך דורך פון פאַרשעמטער צוריקגעהאַלטנקייט און האָט אַלע חנען פון צניעות. דאָס איצטיקע בוך מיט שטילן קול איז ניט קיין העכערער פּאָעטישער שטאַפּל לגבי דעם ערשטן, אָבער ניט ווייל עס פעלן פעסטע פיס צו טרעטן העכער. עס האָט אַרומגענומען דעם דיכטער אַן אינסטינקטיווע צוריקגעהאַלטנקייט כּדי צו בלייבן זיך געטריי אָט אַזוי ווי מיט אַ פינף־און־צוואַנציק יאָר צוריק ביים שפּעטן אָנהייב. די פרייד פון פרילינג און די קאָליריקייט פון קווייטן האָבן געשטערט דעם פּאָעט זיך אַ לאָז צו טאָן העגדום־פּעגדום אויף ניט־אויסגעפּרוּווטע זומערדיקע און האַרבסטיקע וועגן. איז ער געבליבן ביי זיין געבענטשטער געזונטער פשטות.

די ייִדישע פּאָעזיע פונעם לעצטן יובל יאָרן איז געפלויגן מיט אַן אומפאַרגלייכלעכן קפיצת־הדרך און איז געוואָרן אי ראַפינירט, אי צעצווייגט, אי צעפּעשטשעט, האָט געביטן עסטעטישע קאָסטיומען ווי ערב מאַסקנבעלער און גלייכצייטיק געוואָרן אַלץ מער פאַרטיפט אין איך און אין ייִד, — אַז עס הייבט זיך אַרויס ווי אַן אַנדערשקייט און ווי אַ מעלה דער חותם פון פשטות. אין דעם איז דער עיקרדיקער בייטראָג פון משה לאָקיעטשעם פּאָעזיע. ניטאָ קיין אומוועג צווישן האַרץ און פּען.

דאַרף מען בלייבן באַהאַרצט צו אַנטפּלעקן דירעקט געפילן און איבערלעבונגען און אָן איבערטראַכט איבערגעבן טראַכטעניש.

אין די לידער פּולסירט אַ נאַקעט דיכטעריש האַרץ, דערצו נאָך אַ תּמימותדיק האַרץ מיט גלויבן און מיט ליבשאַפט. שווערעליידן ווערן אַריבערגעשפּרייזט און צעספּקותן ניט די טרייסטן וואָס קוואַלן אַרויס פון גלויבן אין מענטש און אין וועלט. זיכערע האַרפּאַשנע הענט נעמען מיט איינגעבוירענער ליבשאַפט אַרום דעם נאָענטן און דעם ווייטן. ניטאָ קיין שרעק פאַרן גורל און פאַרן מאָרגן, פאַר די סודותדיקע גלגלים וואָס האַלטן אין אַ קרייז. איז ניטאָ, קען גאָרניט זיין אַ וויגעשריי און עס זענען איבעריק הויכע טענער. אין תּוך איז ניטאָ קיין מדבר און עס איז דעריבער ביים דיכטער ניט מעגלעך אַ קול קורא במדבר. יעדער דו איז נאָענט. קען מען אָפּלעבן און שאַפן מיט שטילן קול.

אין אַזאַ דיכטונג זענען אויך איבעריק רמזים, אָנצוהערעניש און ווייטע אימאַזשן. איז ניט נייטיק קיין שלייער איבער ווערטער. מעגן זיי אַרויסקומען פרייע צו אַנטפּלעקן אויך דאָס גאָר נאָענטע און דאָס אינטימע, וואָרעם די יחידישע אינעם פּאָעט ווערט סיי ווי אַלמענטשלעך און פאַרכּללישט (און אָן אַ כּללישן יסוד איז דאָך איבעריק בכלל צו דרוקן לידער). אַוודאי קען מען ניט אָננעמען דעם דיכטערס צו שטרענגן זאָג „מיין וואָרט איז טרוקן ווי אין פעלד אַ דאָרן״; זיינע דברים היוצאים מן הלב קענען גאָרניט זיין טרוקן, און זיי זענען בשום־אופן ניט שטעכיק. גענוג אַ מיש צו טאָן און אַ לייען צו טאָן אין די ביידע ביכער. עס האָט זיך דאָ אַריינגעכאַפּט איבעריקע באַשיידנקייט. עס איז אויך ממש רכילות אויף זיך דער זאָג „כ׳בין ניט געווען קיין יורש פון ירושות״. ווייל די אַלע ירושות האָט דער דיכטער ניט געפילט ווי קיין עול, ווייל זיי זענען ביי אים געווען אַזוי נאַטירלעך ווי אַ געזונט גליד אין קערפּער, האָט אַזוינס געקאָנט אים זיך אויסדאַכטן. משה לאָקיעטש איז געבליבן אַ גאַנץ לעבן אַ געטרייער אָפּהיטער פון דעם פאָטערס צוואות, ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך די שיין פון זיין מוטערס פרומקייט און איז געגאַנגען זיין וועג מיט דער ליכטיקער אמונה אין יושר און אין גוטסקייט וואָס האָט צונויפגעהאַלטן און געפעסטיקט די קיום פון יידישע דורות. זיין אייגענע גוטסקייט איז שטענדיק גרייט מוחל צו זיין. אין געמיט איז דער עכאָ פון ווערטל „וועגן מאָרגן זאָל גאָט זאָרגן״. קען זיך אויסדאַכטן אַז מען איז אין אַ לאַנד „וואָס איז ווי אַ באַבלומטער טויער פון אַ פאַרגעסענעם, אַן ערדישן גן־עדן״.

די הויפּט־טעמע אינעם איצטיקן בוך איז משפּחה. משה לאָקיעטש פּילט שטענדיק דעם פּאָטערס גרייטקייט צו גיין אויף אַן עקדה פֿאַר זיין זון און עס קייקלט זיך נאָך דער קבֿר, אויסגעהאַקט אין דער פֿאַרפֿרוירענער סיבירער ערד; עס הילכט אין אים און עס הייליקט זיין היים דער מוטערס ברכה ביים בענטשן ליכט; ער איז צונויפֿגעזיווגט, ניין — צונויפֿגעפֿלאָכטן אין אַ נשמהדיקן איינס מיט זיין אסתּרן; זיין טאָכטער לוסיאַ איז זיין פֿרייד און זיין גדולה נאָך איידער זי האָט אים געשאָנקען אַן אייניקל אין גליל, און דאָס אייניקל גופֿא איז דאָך די גאַראַנטיע פֿאַר אַ באַקרוינטן קיום. עס ווערט חלילה ניט פֿאַרגעסן דער באַבערדלטער זון „וואָס לערנט אויף רופֿא און רעטער" און אויך ניט דער איינציקער ברודער מאָטל וואָס ער שענקט אים זיין „אויטאָביאָגראַפֿיע". אַ מאָל קען אויך כּמות געבן אַ טיפֿן אַריינבליק: צווישן די 85 לידער, איינגעטיילטע אין אַכט גרופּעס פֿונעם בוך, געפֿינט מען 27 (כּמעט 32 פּראָצענט) דירעקט וועגן מיטגלידער פֿון דער משפּחה אָדער אומדירעקט באַווירקט פֿון משפּחהדיקייט.

דער דיכטער דער סטאָליער האָט נאָך אַ משפּחה. ער איז אַ קרובֿ מיט דער האַק און מיטן האַמער; דער הובל העלפֿט אים לעבן אין זעט. די בלוישטאָליקע דלאָט(ע), די שאַרפֿע און בלייכע, פֿירט אַרויף אויפֿן רעיון אַז עס קען זיין אַ גלגול, אַ צווייט לעבן; פֿאַרדינט זי דערפֿאַר אַ באַזונדער ליד. די בעל־מלאכישע מכשירים אין דעם סטאָליערס קלוגע הענט שאַפֿן טאָג־איין טאָג־אויס ממשותדיקס, ניצלעכס, זאַכן וואָס זענען ליבלעך געקניצלט. די לאַנגע שעהען פֿון האָרעוואַניע שימערירן און הללויהן אין די לידער און פֿירן צו אַן אייגנאַרטיקער האַרמאָניע מיט די קורצע מינוטן פֿון דיכטערישן זיין. אָבער עס קען אַ מאָל זיך אויסדאַכטן אַז דאָ איז גאָר פֿאַראַן אַ שטילער געראַנגל. „מיין ליד איז מיט אַלמער אַ צווילינג פֿון תּמיד. / זיי הויזן צוזאַמען, אין מיר זייער עמוד. / און ווי איך זאָל זיך מיִען זיי האַלטן בשלום, / זיך נערן צוזאַמען מיט וואָר און מיט חלום, — / ווי קינדער פֿאַרדראָסיק זיי רייסן זיך, קריגן, / און יעדער פֿאַר זיך וויל אַ גאַנצן מיין ניגון". דאָס איז גרינג צו זיין אַ בורר. משה לאָקיעטשעס איכישער ניגון איז גאַנץ הן אין דעם אַלמער, הן אין דעם ליד. עס שטעקט גאָר אַ מזל־ברכה אין אַזאַ צווילינג. דער גוטער גורל איז געווען וויטזיכטיק און געהאַט אין זינען דעם שפּעטערדיקן פּאָעט, ווען ער האָט באַשטימט אַז דער יונגער משה זאָל זיך לערנען סטאָליעריי. ניטאָ קיין צופֿאַלן, און סטאָליעריי מיט פּאָעזיע זענען זיכער ניט קיין צופֿעליקע פּאָר.

פון ווייטן סיביר ביז בראַזיל, אַפילו פון וואַרשע ביז ריאָ־דע־זשאַניירא איז פאַלג־מיר־אַ־גאַנג. און דאָך האָט משה לאַקיעטש זיך פולקום אַקלימאַטיזירט. ער האָט ליב דאָס לאַנד בראַזיל און זיינע איינוווינערס. ער באַוווּנדערט זיין ריזן־שטאָט און ער באַזינגט זי אין פאַרשיידענע צייטן פון מעת־לעת. אַפילו דער פינף־טאָגיקער קאַרנאַוואַל מיט זיין ווילד געברויז און געצנדינערישער צעתּאַווהטקייט זעט אויס ווי אַן אידיליע אין דעם דיכטערס תּמימותדיקע אויגן: „אַזוי היילט דער יום־טוב פון פרייד דער צעטאַנצטער / דעם גוף און נשמה פון שוואַרצן און ווייסן; / פאַר־געסן די עוולות, ס׳ווערט יעדער פאַרגאַנצטער, / אויפסניי גרייט צו ליידן אַ שווער יאָר אַ גאַנצן”. דאָ אַנטפּלעקט זיך ניט דער קאַרנאַוואַל, נאָר די ריינקייט און די גוטסקייט פונעם דיכטער. און סאַראַ דיאַפּאַזאָן פון דעם מילדן טענאָר: דער אייזיקער צפון פון סיביר און טראָפּישע לאַנדשאַפטן. דאָס אַלץ אַרומנעמען גיט זיך איין, ווייל אומעטום קומט משה לאַקיעטש מיט זיין רויִק געמיט און מיט דער גרונטיקער גרייטקייט זיך צו זאָגן כּי־טוב.

ארץ־ישׂראל־מאָטיוון פאַרנעמען איצט מער אָרט ווי די בראַזיליאַנער. די סיבות: דאָס אייניקל און די יום־כּיפּור־מלחמה. אין דעם אָפּטייל „ישׂראל־מאָטיוון” האָבן מיר פון די גרעסטנסטע לידער אינעם בוך. אין סאַמע מיטן מוסף פון יענעם יום־הדין צעברענט זיך דער אומגעריכטער רעוואָלט, ווי עס דערציילט „די באַלאַדע וועגן דעם ונתנה־תוקף וואָס איז אַנטלאָפן פונעם מוסף אין יום־כּיפּור”. דער ונתנה־תוקף איז ניט מער תּפילה; אָן שום פּירוש־המילות געוועלטיקט ער אויפן שלאַכטפעלד. עס מערן זיך קרבנות און „ס׳רייסט יעדער טאָג ביים בלויען הימל פאַסן קריעה, / פאַר־לוירן ווערן וועלטן אין באַגינען. / ס׳הענגט די זון זיך יעדן טאָג אויף הויכער תּליה / און ברענט ווי אַ קאָפּ מטורפדיק אָן זינען”. איבער אַלע מלחמה־העלדיש־קייטן און מלחמה־גרוילן קיניגט ניט קיין גאָט פון נקמה, נאָר עס פלאַטערט אום די שלום־טויב „און זוכט אַ טויבנשלאַק נאָך מידן פלי”; זי טערקלט אויס „אַ צאַרטע תּפילה אין מורא־צאַפּל”. אין דער פינצטערסטער נאַכט און איבער אַלע פורעניות צעטאַנצן זיך ליכטער אויף באַרג און אין טאָל; דער חלוץ האָט זיי צעצונדן אינעם קיבוץ, דער חלוץ וואָס האָט זיך צוגעטוליעט צו דער ערדס שטיינערנע בריסט —

אויפן האַלדז פון דער נאַכט, איז פון פּערל געשנירט
געהאַנגען אַ באַנד פון צעפינקלטן ליכט,

וואָס האָט צאַרט מיט אַ האַנט אינעם חושך געפּירט,
ווי ס'פינגערט אַ קינד איבער מאַמעס געזיכט.

ניט אין מעדיטאַציעס, ניט אין דאַכטענישן און טראַכטענישן שטעקט דעם דיכטערס כּוח, נאָר אין דער טיפקייט פון דער דירעקטער איבערלעבונג באַקומט זיין ליריק אירע שענסטע שורות. דורכן תּהילימדיקן „ממעמקים" קען פּאָעזיע מגולגל ווערן אין תּפילה. דערביי „העלפט מיר מאַמע־ייִדיש, דער אַלטער זילבער־בעכער, / וואָס זאַמלט טראָפּנס צער ווי טונקל־רויטן ווייַן. / הייב איך אין מיין שקיעה דעם כּוס אַרויף אַליץ העכער, / דעם כּוס פון צער און פרייד וואָס איז אייביק און אַליין". דער פּאָעט בעט אַז זיינע ווערטער זאָל באַשערט זיין דער גורל פון שטאַנדהאַפטיקייט, זיי זאָלן ניט זיין קיין זייפנבלאָזן, נאָר „לאַבנס שוואַרצע, פּראָסטע, וואָס רייצן זאָלן מיט אַ קימלדיקן פריש". די גוטע, די געראָטענע ווערטער זענען „שוועבנדיקע טשאַטעס טויבן" און זאָלן זיי „זיך צעפליִען מיט אַ וואָרקען אינעם רוים, / פּייקלען סאַמעטדיק ווי אַרבעסשויט אויף שויבן / און בליִען, בליִען, ווי אַ ווייסער צוויט אויף בוים".

ווער קען, ווער מעג זיך באַרימען אַז אַלע זיינע תּפילות און בקשות זענען תּמיד דערהערט געוואָרן? ניט שטענדיק זענען דאָך אָפן די שערי־פּאָעזיע. זענען מיר דאַנקבאַר דעם דיכטער וואָס ער האָט זיך געקלאַפּט אין זיי און וואָס זיין האַרץ האָט זיך דערשלאָגן צו עכטע און ריינע לידער און צו אַ סך שיינע שורות, צעוואָרפענע איבער דעם גאַנצן בוך. צו זיי געהערט אויך די סטראָפע פון אויטאָפּאָרטרעט:

כ'בין גרוי־האָריק און פון דער זון פאַרשׂרפעט,
דורך וויוגעס און דורך היצן טראָפּיקאַלע.
אָן מצוות, אָבער אויכעט ניט פאַרטרפעט,
מיט שבת, כאָטש אָן אַ לקראת־כּלה.

מע מעג אָננעמען אַז ער חכמהט זיך בלויז ווען אין דעם זעלביקן ליד זאָגט ער וועגן זיך „איך בין דער גרויער פּגם — דער בעל־מלאכה — / וואָס האָט מאָזאַליעס שטאָט אַ הדרת־פּנים". אָבער אפשר איז ביי אים עד־היום פאַרבליבן אַ באַשטימטע דאָזע אומזיכערקייט וואָס בינדט זיך מיט אַנהייבערישקייט. ווינטשן מיר אים אַז

בלויז די פרישקייט זאָל פֿאַרבלייבן. משה לאָקיעטש דאַרף וויסן אַז אין דער ייִדישער שרייבער־משפּחה איז ער קיין מאָל ניט געווען קיין „גרויער פּגם" און האָט פֿאַרנומען אַן אָרט ביים טיש פֿון „זמירות און געזאַנגען" טאַקע מיט זיין „ראַזוווקע און קאָרן", טאַקע מיט די פֿאַרמאָזאָליעטע הענט, טאַקע ווייל ער איז ניט געקומען מיט דער גאווה פֿון אַ מיטגליד פֿון אַ ספּעציעלן צעך, נאָר מיט זיין האַרציקייט און ריינקייט, מיט זיין דערהויבענער פּשטות, מיט זיך — אָט ווי ער איז. זאָל יעדער ווייטערדיק ליד זיין אין דער בחינה פֿון אַ מצווה.

1975

ח. ש. קאַזדאַן

# משה לאָקיעטש — „מיט שטילן קול"

מיט 6 יאָר צוריק האָט מ. לאָקיעטש (בראַזיל) פאַרעפנטלעכט זיין ערשטע גרעסערע לידער-זאַמלונג „גורל פון א קרייז". איצט האָבן מיר אַ נייע זאַמלונג פון זיינע לידער — אונטערן נאָמען „מיט שטילן קול". די נעמען צייכענען די מיילשטיינער פונעם דיכטערס לעבן און קאַמף. עס איז אַ גרויסער שפרונג פון נאַצי-גיהנום, פון סאָוועטישע אַרבעטס-לאַגערן אין ווייטן צפון — צו אַ ניי רויִק לעבן אין בראַזיל. „גורל פון קרייז" איז געווען דעם דיכטערס אויסגעשריי קעגן קאַטאָרגע-אַרבעט אין קאַטלאַס. מ. לאָקיעטש האָט דאָרט געהאַקט שטיקער ריזנוואַלד, געפלאָכטן טראַטוועס, געשמידט מיט קייטן. דעם אויסגעגאַנגענעם פאָטער האָט ער „באַגראָבן" מיט זיינע אייגענע הענט אין די טיפענישן פון אייז-ים. דער דיכטער האָט אויסגעשריגן זיינע פיינלעכע ווייטיקן און מענטש-דערנידערונגען. טראַגישער גרויזאַמער גורל! ער האָט זיך סוף כּל סוף געענדיקט — דער לעבנסקרייז האָט זיך געשלאָסן. געענדיקט דער אַפּאָקאַליפּטישער וואַנדערוועג — געקומען די גליקלעכע אויסלייזונג און באַנייונג. זונשיין, וואַרעמע מענטשלעכקייט. ליכט, פריינדשאַפט... בראַזיל...

שטיקער ניי לעבן און נייע איבערלעבונגען — אין לבוש פון פּאָעמעס. ווערטער — ריינע דיכטונג, אויסגעלייטערטע, רייף-געשטאַנענע.

דאָס בוך עפנט זיך מיט אַ סעריע לידער — „בראַזילאַנער מאָטיוון". דאָס איז ניט קיין געאָגראַפיע, דאָס זענען זעלבסט-דערוואָרבענע אויסגעקעמפטע שטיקער ניי לעבן, אַ מתּנה פון גורל — פרעכטיקע לאַנדשאַפטן. אַזוי ווי עס זענען די בילדער פון דער נאַטור, אַזוי איז אויך דער בראַזיליאַנער מענטש, „די גוטסקייט איז דאָ יעדן אייגן", „אַ פאָלק וואָס וויים ניט פון קיין זאָרג און טרויער". עס איז ניט קיין מליצה, ווען ער רופט אויס: „כ׳האָב ליב דאָס לאַנד, וואָס איז ווי אַ באַבלומטער טויער פון אַ פאַרגעסענעם, ערדישן גן-עדן". אויסדריקן די באַגייסטערונג מיט אַזעלכע פּשוטע, ניט-פאַרפומירטע ווערטער, — דאָס קען נאָר דער אויפריכטיקער דיכטער, וואָס איז אָרנטלעך לגבי זיין אייגענער פערזענלעכקייט און לגבי דעם אויסגעחלומטן וואָרט אין יידישער פּאָעזיע. ניט יעדן שרייבער איז געגעבן דער

טאַלאַנט צו צוימען און קילן זיין ענטוזיאַזם, באַהערשן זיינע אינטימע געפילן, און רעדן וועגן דעם „מיט שטילן קול".

מיטן זעלביקן שטילן קול, האַלב אין הומאָר און האַלב אין ביטערן געפיל, רעדט ער וועגן זיך און וועגן זיין משפחה:

איך בין דער גרויער פלעק אין מיין משפחה —
פון אַדללייט, חריפים און למדנים,
איך בין דער גרויער פגם — דער בעל־מלאָכה —
וואָס האָט מאַזאָליעס שטאָט אַ הדרת פנים,

— — — — — — — —

כ׳בין ניט געווען קיין יורש פון ירושות,
געירשנט בלויז דעם אמת פון מיין טאַטן.

„אויטאָביאָגראַפיש"

ער שרייבט אַ בריוו צו זיין פאַרשטאָרבענער מוטער, און — איר ווידמעט ער דעם גאַנצן בוך — „זיין אומפאַרגעסלעכער מאַמען, וואָס יסורים האָבן געהייליקט איר לעבן". ער דערציילט איר אין זיין בריוו, אַז ער וואַרט אויף איר תשובה —

דו האָסט דאָך מיר געלערנט קינדווייז ערשטן אות;
איך וויים, אַז ס׳איז דיין האַנטשריפט ציטעריק, דאָך קיינער
האָט מער, ווי איך, געפילט דיין ביטער־האַרבן פוס.

„שרייב מיר"

אַ טאַטע מיט „בלויז דעם אמת"; אַ מאַמע וואָס האָט געלערנט „קינדווייז ערשטן אות" — דאָס איז אַ ירושה פון ירושות, דאָס זאָגט אונדז אַלץ וועגן דעם דיכטער „וואָס האָט אויסגעקליבן מאַזאָליעס שטאָט הדרת פנים". אָבער זיינע לידער זענען שוין גאָרניט „אויסגעמאַזאָליעט", זיי זענען לויטער און ריין, אויפריכטיק און באַשיידן, טאַקע נאָר ווי די מאַזאָליע פון יידישן בעל־מלאָכה קען זיין. אַ לויב צו דער אַרבעט! צום האַמערל וואָס קלאַפט טשוועקעס! אַ לויב צו אונדזערע טאַטעס און מאַמעס.

מ. לאָקיעטש איז „גרויהאָריק און פון דער זון פאַרשׂרפט, דורך וויוגעם און דורך היצן טראָפּיקאַלע". צו זיין מוזע בלייבט פרעמד דער געפּיל פון פּעסימיזם, טרויער און אוממאַכט. ער דערציילט אונדז — זיין אַרבעט טוט ער ווייטער „מיט פלינקייט אַ שנעלע".

ס'העלפט מיר מאַמע־יִדיש, דער אַלטער זילבער־בעכער,
וואָס זאַמלט טראָפּנס צער ווי טונקל רויטן ווייַן.
הויב איך אין מיין שקיעה דעם כּוס אַרויף אַלץ העכער,
דעם כּוס פון צער און פרייד, וואָס איז אייביק און אַליין.

„ממעמקים"

דאָס אַלץ ווערט געזאָגט „מיט שטילן קול". קיין סימן ניט פון מידקייט, דערשלאָגנקייט. ער וועבט זיינע לידער אין אַ פעסטן ריטעם, און ער שטעקט אָן דעם לייענער מיט באַגייסטערונג, און מיט געזונטער פרייד פון גייסטיקער שעפע־רישקייט.

און ס'איז אַזוי נאַטירלעך און פּשוט ווען ער לאָזט דעם גאַנצן באַנד לידער באַהערשט ווערן פונעם גייסט פון „מיין מאַמע", ער פאַרגעסט ניט אַז „היינט איז דער יאָרצייט נאָך מיין טאַטן", זיי באַגלייטן אים אויף די וועגן פון פיינלעכע נסיונות, זיי טיילן מיט אים די זעלטענע מינוטן פון נחת און פרייד, זיי מוטיקן אים און בעטן —

ניט רייסן זאָלסט זיך צו קיין פרעמדן עמוד,
נאָר תּפילה טאָן פאַר זיך מיט שטילן קול.

„אין גבול פון טאַטנס יאָרן"

הגם ער איז איצט „בלויז גייענדער ווייטיק געוואָרן" — שמייכלען צו אים זיין טאַטע־מאַמע, זיי שיצן אים און שיקן זייערע ברכות.

✶

זיין יִדיש איז געשטאַרקט, געפעסטיקט ווי אַ מאָדערנע געביידע פון אייזן־בעטאָן. עס איז דער יִדיש פון אונזערע טאַטעס און זיידעס. עס איז די מעלאָדיע און אינטאָנאַציע פון אונדזער מאַמע־לשון. עס איז די צאַרטקייט פון איינעם וואָס

טראָגט אַ טויב מיט פלאַטער אין בוזים,
וואָס רייסט זיך מיט ציטער, מיט שטענדיקן צאַפּלען,
ווי אַ וואָרט געפּענטעט, ליידט אין חרוזים.

„כּסדר געטראָגן כ׳האָב שרעק אין די אָפּלען"

איר לייענט די לידער און איר ווערט דורכגעדרונגען מיט וואַרעמער משפּחה־דיקייט. אין אַ ליד וואָס הייסט „אַ תּפילה" און איז געווידמעט „מיינע קינדער", בעט דער דיכטער:

אָ, גאָט, היט מיין זכּרון, צאַרט, אין מיינע קינדער,
כ׳זאָל זיין אין זיי אויך דעמאָלט ווען כ׳וועל שוין מער ניט זיין,
היט זיי מיט דיין בליק, ווי אַ פּאַסטוך היט די רינדער,
ווען ס׳ווערט זיין האַנט פון ווייטן גרייכן זיי צו קליין.

דער דיכטער זאָרגט וועגן זיין ירושה, וואָס ער וועט איבערלאָזן זיינע יורשים. ער בעט: „צאָל זיי אוים דעם חוב וואָס מיר שולדיק ביסט פון לאַנג". „אַנטפּלעק זיי אַלע סודות, שענק זיי דיין באַשייד!" און ער דערמאָנט גאָט אין באַשיידנקייט, שטילקייט, האַרציקייט: „און עקידה איז נאָר אויף הר־מוריה שיין"...

זייער רירנדיק, קלוג און משפּחהדיק־יידישלעך — רעדט ער אין עטלעכע לידער צו זיין פרוי אסתּר: שרעק פאַרן ווייטערדיקן גורל אין לעבן, אָבער אַלץ איז אוים־געדריקט אַזוי מעלאַדיש, חנעוודיק, ליריש:

מיר זיצן ביידע אויף אַ בוימען־בלאַט וואָס ציטערט
און האַלטן זיך אָן ניט צו פאַלן צו דער ערד,
אַלע בייזע ווינטן מיר האָבן שוין געפּיטערט.
איז וואָסער שרעק איז אונדז אין לעבן נאָך באַשערט?

„ביז וואַנען"

זיין ערשטע ליבע און איבערגעגעבנקייט, זיין עסטעטישער ענטוזיאַזם און באַגייסטערטקייט, זיין ערנסטע פאַרטיפטע באַציונג — געהערט דער יידישער

**שפּראַך.** שוין אינעם פריערדיקן באַנד איז געווען אַן אָפּטיילונג ייִדיש, און די לעצטע סטראָפע אין דער דאָזיקער אָפּטיילונג איז אַזאַ:

מיר זענען און בלייבן מיט ייִדיש — אַ צווילינג אַ סיאַמער —
מיר רעשטלעך האַקן־געקרייצטע און געסערפּעט פון האַמער.
מיר זענען איר פאָלק און איר לאַנד — אונדזער האַרץ איז איר שייער.
און זאָל ייִדיש זיין דער באַנייער!

„ייִדיש"

אויך אין איצטיקן באַנד איז פאַקטיש די אָפּטיילונג „ממעמקים" — געווידמעט ייִדיש. זיין צוגאַנג צו ייִדיש — איז נישט פּראָפּאַגאַנדיסטיש, נאַציאָנאַל־באַטראַכטעריש. עס איז מער פילאָזאָפיע און פּסיכאָלאָגיע פון ייִדיש לשון, איר געבונדנקייט מיטן עבר און היינט פון ייִדישן פאָלק; אירע מוזיקאַלישע קלאַנג־אייגנשאַפטן, מיט איר בויגעוודיקייט, און סטיל־רייכטימער. „צעריסן בין איך, זאָגט דער דיכטער, היינט אויף הונדערט לידער־טיילן" — און איבער אַלע טיילן איין גאַנצקייט, איין רוח הקודש, איין הייליקע לופט. ער חלומט וועגן דער צוקונפט פון ייִדישן וואָרט און פּאָעזיע. „ווערטער זענען שוועבנדיקע טשאַטעס טויבן / וואָס זיך צעפּליען מיט אַ וואָרקען אינעם רוים". — „פאַראַן אויך ווערטער וואָס גרייכן ניט אין רוימען... / לעבן קורץ ווי בלויער זייפנבלאָז פון שוימען, / ווייל ניט באַשערט איז זיי קיין צווייטער אינדערפרי" און ער ענדיקט:

כ׳בעט אויף ווערטער ווי אויף לאַבנס שוואַרצע, פּראָסטע,
וואָס רייצן זאָלן מיט אַ קימלדיקן פריש,
מעג יעדעס וואָרט זיין פאַרשווייסיקט און פאַרראָסטעט,
דאָך גלייך בכבוד מיט דער חלה אויפן טיש.

„גורל פון ווערטער"

אויך צו זיינע אייניקלעך רעדט ער נאָר דורך זיין ייִדיש „וואָרט און ליד", ווייל יעדער ייִדיש וואָרט און קלאַנג רופן אַרויס אַזוי פיל זכרונות און צאַרטן ציטער. און ער ענדיקט אין עצבות — ייִדישלעך:

פאַרוואָס מוז יעדע פרייד סוף אויסגיין אין אַ טרויער ?
פאַרוואָס מוז דווקא טרויער נאָר תּמיד זיין דער סוף ?

— — — — — — — —

פאַרוואָס וועלקט איין די פרייד און נאָר טרויער וואַקסט לרוב

„עצבות"

און אפשר איז דער דיכטער „מיט שטילן קול" גערעכט ווען ער זאָגט אַזוי פּאַטעטיש :

אין שטילקייט כ'דין מיין גאָט : צו דעם שווייגעניש אַליין.
פון אַלערליי געזאַנגען איז יענער בלויז דער שענסטער,
וואָס האָט קיין וואָרט, קיין קלאַנג ניט — ווי ס'שווייגעניש פון שטיין.

„שווייגן"

1975

פסח טאַבאַק (ריאָ דע זשאַניירא)

# דער דיכטער משה לאַקיעטש

מיין פּערזענלעכע טיפערע דערנענטערונג צום חבר משה לאָקיעטש האָט נאָך אַ ספּעציעלן מקור: דאָס זענען די 181 לידער, פּאָעמעס, באַלאַדעס, סאַטירעס און דיאַלאָגן, פּאַרטיילט לויט זייער טעמאַטיק אין 18 סעריעס, אין די צוויי דערשינענע פּאָעטישע ווערק פון דיכטער: „דער גורל פון אַ קרייז" און „מיט שטילן קול". איך האָב אין יולי 1981, ווען דער חבר משה איז געוואָרן 70 יאָר, צוגעגרייט אַ פּאָרלעזונג וועגן זיין לעבנס-גורל און פּאָעטישן וועג. איך האָב די פאַרלעזונג פאַרענדיקט מיטן ווונטש מיר זאָלן קענען פייערן בקרוב זיין ניי בוך, וואָס ער האָט געהאַלטן אין גרייטן, ווי אַ נייע קינסטלערישע דערגרייכונג אויף זיין פּאָעטישן וועג, וואָס ציט זיך פון דער וואַרשעווער געטאָ, דורך די סיבירער טייגעס און זוניקן בראַזיל, ביז די בערג פון גליל. ליידער איז דאָס נישט באַשערט געווען.

איך האָב אין יענע טעג, ווען איך האָב געגרייט מיין אַרבעט איבער זיין לעבנסוועג און פּאָעטישן שאַפן, געהאַט מיטן דיכטער אַ ריי אינטימע באַגעגענישן, בעת וועלכע עס זענען מיר אַנטפּלעקט געוואָרן אַ ריי מאָמענטן פון זיין לעבן, וואָס איך וויל דאָ אַרויסברענגען.

שווער איז געווען זיין לעבן שוין אין זיין קינדהייט. בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה, ווען וואַרשע איז געשטאַנען אין פלאַמען, איז ער, אַלט זייענדיק קוים 3 יאָר, אַוועק צוזאַמען מיט זיין משפחה, קיין רוסלאַנד, אין דער אוקראַינע, וווּ עס האָבן געלעבט זיינע זיידע-באָבע. דאָרט האָט ער דורכגעלעבט די רוסישע רעוואָלוציע, פּעטליורעס און דעניקינס פּאָגראָמען, און ווען ער איז אַלט געוואָרן 9 יאָר, האָט ער שווער געאַרבעט, צוזאַמען מיט זיין עלטערן ברודער, ביים וויקלען ביינוול, כּדי צו העלפן די עלטערן אין דער חיונה. ביים צוריקקומען קיין פּוילן אין 1921, האָט ער אין פּאַלעניץ, נעבן וואַרשע, געאַרבעט אַלס גאָלדשמיד; צו 15 יאָר, ווי אַ סטאָליער-אַרבעטער, געלעבט אין דחקות און אין נויט, ווי אַ סך פון דער יִדישער אַרבעטער יוגנט; געחלומט וועגן יושר און סאָציאַלער גערעכטיקייט; זיך אַקטיוו באַטייליקט אין יוגנט-קלובן און קולטור-קרייזן און, ווי אַן אויטאָדידאַקט, זיך דערוואָרבן אַ

סאַלידן ייִדישן און אַלגעמיינעם וויסן און ליטעראַרישע קולטור, וועלכע איז פּאַרטיפט געוואָרן, ווען ער האָט שפּעטער, במשך 2 יאָר, געלערנט אין וואַרשע אין אַ סעמינאַר פאַר ייִדישיסטיק, אָנגעפירט פון די באַרימטע פּעדאַגאָגן ח. ש. קאַזדאַן און שלמה מענדעלסאָן. ער האָט זיך אויסגעטיילט מיט זיין אינטעליגענץ, אָבער זיין דיכטערישער טאַלאַנט איז נאָך געלעגן אין אים פאַרבאָרגן און פאַר אים אַליין נאָך נישט געאַנט.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען דאָס ברוינע אומגליק האָט אינוואַדירט וואַרשע, איז ער צוזאַמען מיט זיין איידעלער פרוי אסתר, וועלכע האָט יאָרן געאַרבעט ווי אַ דערציערין אין די קינדער־היימען פון שפּעטערדיקן קדוש יאַנוש קאָרטשאַק, אַנטלאָפן פון נאַצישן גהינום אין דער סאָוועטישער זאָנע — קיין בריסק. די עלטערן זאָגן זיך אָפּ צו אַנטלויפן, ווייל זיי האָבן נאָך נישט דערפילט די גרויזאַמקייט פון דער געפאַר. משה און אסתר קענען נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק די עלטערן זאָלן בלייבן אין די נעגל פון שונא, און אסתר, מיט איר אַרישן אויסזען, פאַרשטעלט זיך ווי אַ פּויערטע, שוואַרצט אַדורך די סאָוועטיש־פּוילישע גרענעץ, מאַכט דורך צופוס הונדערטער קילאָמעטער, דעם וועג, פול סכנות, קיין וואַרשע, ביז זי דערגרייכט, ממש דורך אַ נס, צו ברענגען משהס עלטערן קיין בריסק. פון בריסק איז משה מיט זיין פאַמיליע, צוזאַמען מיט נאָך פּליטים פון פּוילן, פאַרשיקט געוואָרן אין קאָמי־לאַנד, אין די טייגעס פון וויטן סיביר.

זיי האָבן אויסגעמיטן טרעבלינקע, אָבער זייער לאַגע ווי פּליטים איז געווען גענוג טרויעריק, פול מיט דראַמאַטישע איבערלעבונגען.

שוין כמעט ביים סוף פון דער מלחמה, אַנטלויפט ער מיט זיין פרוי או מוטער פון פאַרשיקונג, לאָזט איבער אין קאַלטן אייזיקן באָדן פון סיביר זיין פאָטער, לעבט 6 חדשים אין קאַווקאַז, וווּ עס ווערט געבוירן זיין טעכטערל לוסיאַ, קומט אָן, אין 1946, קיין פּוילן, וואַנדערט אַרום אַ האַלב יאָר איבער די חורבות פון זיין היימשטאָט, איבער די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ, נעמט אַריין אין זיך דאָס געוויין און געקלאָג פון חרובן לעבן. אָנגעזעטיקט מיט פּיין און צער קומט ער אָן אין 1947 קיין בראַזיל מיט זיין פרוי, מוטער און טעכטערל. נאָך יאָרן פון אָנשטרענגונגען און שווערער מי, דערגרייט ער, צוזאַמען מיט זיין ברודער מאָטל, צו אַ בכבודיקער עקאָנאָמישער מדרגה, אָבער די קאָשמאַרן פון נעכטן לאָזן אים נישט צו רו און גאָר באַזונדערס די טראַגישע אומשטענדן פון פאָטערס טויט.

אין איינעם פון אונדזערע אינטימע שמועסן האָט ער צו מיר געזאָגט:

„פאַראַן געשעענישן אין לעבן, וואָס מען קען קיין מאָל נישט פאַרגעסן. זייער דראַמאַטישע אינטענסיווקייט איז שטאַרקער, פולער פון אַלע שפּעטערדיקע איבער־לעבונגען. פּערציק יאָר אַז איך טראָג זיך אַרום מיט אַזאַ איבערלעבעניש און איך קען זי בשום אופן נישט פאַרגעסן. איך דערמאָן זיך שטענדיק די צוויי לעצטע טעג, ווען איך בין געזעסן אין סיביר ביי מיין טאַטנס קראַנקנבעט, געהערט דעם בפירושן אָפּשטעל פון זיין האַרץ, געפילט דעם אָפּקיל פון זיין גוף, אין די לעצטע רגעס זיינע. עס העלפט נישט מיין גרייטקייט אַוועקצוגעבן 10 יאָר פון מיין אייגן לעבן פאַר כאָטש נאָך איין יאָר לעבן פון מיין פאָטער. עס האָט נישט געהאָלפן. דער פאָטער איז אויסגעגאַנגען פון הונגער און קעלט און איך האָב געדאַרפט אים מקבר זיין מיט מיינע אייגענע הענט אין דער פאַרפרוירענער ערד פון סיביר, נישט אויף אַ ייִדישן בית־עולם, אַזאַ איז ניט געווען, נאָר ערגעץ אין אַ ווינקל אויף אַ צווינטער...” אָט די אומשטענדן פון פאָטערס טויט האָבן איבערגעפולט דעם בעכער פון פיין.

דאָ אין בראַזיל האָט משה לאָקיעטש דערפילט, אַז אַלץ, וואָס ברויזט אין זיין נשמה, אַלע קאָשמאַרן פון נעכטן זוכן אַ קינסטלערישן תיקון. עס איז געקומען זיין דיכטערישע התגלות. דעם טאַטנס גורל האָט צעבראָכן זיין שווייגן... און מיט זיין שעפערישן דמיון, קערנדיקן ייִדישן לשון און וויברירנדיקן האַרץ הייבט ער אָן געשטאַלטיקן זיינע טיפע איבערלעבונגען אין פּאָעטישע בילדער, וועלכע האָבן באַקומען זייער אויסדרוק אין צוויי ביכער לידער: דאָס ערשטע — „דער גורל פון אַ קרייז”, מיט דעם פילזאָגנדיקן אויפשריפט: „מיין פאָטער, וועמענס גורל עס האָט צעבראָכן מיין שווייגן, געהייליקט” און דאָס צווייטע — „מיט שטילן קול”, געווידמעט זיין צניעותדיקער מוטער.

דער באַשיידענער דיכטער האָט אָפּגעהיט דעם אָנזאָג פון זיין טאַטן: „ניט רייסן זאָלסט זיך צו אַ פרעמדן עמוד, נאָר תפילה טאָן פאַר זיך מיט שטילן קול”. פון אָט דעם רירנדן אָנזאָג שטאַמט, אגב, דער נאָמען פון דעם בוך — „מיט שטילן קול”...

אין די צוויי ביכער האָט ער אין צענדליקער לידער און באַלאַדעס קדיש געזאָגט נאָך זיינע עלטערן. קיין ווונדער נישט, וואָס דער טאַטע־מאָטיוו איז אַ דאָמינאַנטע אין זיין שאַפן. די טאַטע־און־טייגע־לידער זענען די שטאַרקסטע אין זיין ערשטן פּאָעטישן ווערק. וועגן זיי האָט דער שרייבער מענדל מאַן געשריבן:

„זיי זענען ווי אַלטע באַלאַדעס פון פאַרגאַנגענע צייטן פון אַ לאַנד, ווו עס האָט געהערשט אַן אכזריותדיקער מלך, אָבער אין דער אמתן זענען זיי לידער פון אונדזער אכזריותדיקער ווירקלעכקייט, אין אונדזער נייסטער געשיכטע און זיי דערציילן וועגן די יסורים און פּיין פון הונדערטער טויזנטער ייִדישע פּליטים אַזוי ווי ער, דער דיכטער, וועלכע האָט די יסורים איבערגעלעבט און קינסטלעריש קריסטאַליזירט".

דער דיכטער האָט דורך זיינע ערשטע לידער זיך אָראָפּגערעדט פון האַרצן און זיינע שווערע איבערלעבונגען אַרויסגעבראַכט אין אַ ליריש־קינסטלערישן השתפכות־הנפש. עס זענען שפּעטער געקומען נייע פּריידיקע, זוניקע לידער: אַ ציקל אויף בראַזיליאַנער מאָטיוון און אַ גאַנצע סעריע לידער און באַלאַדעס אויף ישׂראל־טעמאַטיק, וועלכע עס איז איצט נישט דער מאָמענט צו אַנאַליזירן. איך וויל בלויז צוגעבן נאָך איין אַספּעקט צו דער כאַראַקטעריסטיק פון משה לאַקיעטשעס פּערזענלעכקייט:

בראַזיל האָט אָפּגעפּרישט זיין געמיט, אָבער עס נישט פולשטענדיק באַרויִקט. ווי איז בכלל מעגלעך רו פאַר אַ דיכטער אין אונדזער צייט? דאָ אין בראַזיל, ווי ער שרייבט, האָט ער „פאַרוואָרפן די מלבושים פון אַ געפלאָגטן", זיין הויז איז איצט מיט מאַרמאָר באַדעקט, אָבער קען דאָס זיין דער תּכלית פון זיין לעבנס־וועג? איז דאָס דער זין פון זיין בלייבן לעבן? וואָס איז ער דאָ מתקן היינט נאָך אונדזער חרובן לעבן דאָרטן? אונדזערע מעשׂים זענען דאָך אַזוי קליין... אַזעלכע שאלות הערן מיר אין אַ גאַנצער ריי פון זיינע לידער.

דערפאַר איז ער געווען אַזוי גליקלעך, ווען זיין טאָכטער לוסיאַ איז עולה געווען קיין ישׂראל. „מיר דוכט — שרייבט ער דאַן אין אַ ליד — אַז כ'בין אויפסניי געבוירן און גיב איצט — דורך מיין קינד — מיין פאָלק תּקיעת־כּף". אין זיין ליד „באַשערטקייט", געווידמעט זיין טאָכטער, שרייבט ער:

אַנטפּלעקט איז דער סוד פון מיין בלייבן לעבן:  
איך זאָל איר פון יאָמער־טאָל אַרויסציען גאַנץ.  
בענקשאַפט שטילע מעג מיט אומעט מיך פאַרוועבן,  
נאָר זי זאָל בליען אין הויראַדיקן טאַנץ.

ער בענקט שטאַרק נאָך זיין קינד, אָבער ער באַגלייט זי מיט אַ ברכה אויף איר נייעם וועג, ער „קושט ווי אַ ספר איר קיומדיקן גאַנג”, ווייל הייליק איז דער גאַנג פון פאָלק צו זיין באַנייונג. אַזוי איז אויפגעגאַנגען אין דיכטערס האַרץ די פרייד פון פערזענלעכער און נאַציאָנאַלער באַשערטקייט, וואָס דער גורל האָט אים מזכּה געווען דורך זיין טאָכטער און דערנאָך דורך זיין זון און אייניקלעך פאַרצוזעצן דעם קאַמף פאַר אַ נאָרמאַלן קיום פון אונדזער פאָלק נאָכן דריטן חורבן. זיין בלייבן לעבן באַקומט פאַר אים אַ טיפערן זין. אין ישׂראל, ווו ער באַזעצט זיך, ווערט זיין לעבנס-גורל פאַררונדיקט, פאַרגאַנצט. און ער איז מתפּלל אין אַ ליד פאַר שלום און רו פאַר אונדזער פאָלק, עס זאָל שוין מער ניט הפקר זיין אין דער וועלט.

1988

אפרים אויערבאַך

## משה לאַקיעטשעס לידער — „גורל פון אַ קרייז"

ווען דיכטער משה לאַקיעטש האָב איך קיין מאָל נישט געהערט. לעבן לעבט ער אין ריאָ דאַ זשאַנייראָ, בראַזיל, ווו ער איז זיך מפרנס פון מעבל־פאַבריקאַציע. אין דעם לעקסיקאָן זע איך, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין וואָלין. דערנאָך איז די משפחה זיינע אַריבערגעפאָרן קיין וואַרשע. פון ח. ש. קאַזדאַנס אַריינפיר צו דעם בוך ווערן מיר געוווירער, אַז אין פוילן האָט ער געאַרבעט ביי סטאָליעריי, און אַז ער איז געווען אַ טעטיקער אַרבעטער אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. אַלט איז לאַקיעטש אַרום זעכציק יאָר. לידער האָט ער געדרוקט אין בראַזיליאַניש־יידישע צייטונגען, און אויך האָט ער זיך אַ מאָל אַריבערגעכאַפּט מיט זיינס אַ ליד צו אונדז קיין אַמעריקע.

דאָס בוך זיינס, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין ניו יאָרק, אין דעם ציקאָ־פאַרלאַג, הייסט „גורל פון אַ קרייז", און פאַרנעמט 160 זייטען. פאַר וואָס „גורל פון אַ קרייז"? אַ פּאָעט איז כּלל נישט מחויב אויפצוקלערן דעם נאָמען פון זיינס אַ בוך. נאָר לאַקיעטש איז גנעדיק צו דעם לייענער און ער גיט אים יאָ אַ פּירוש אויף דעם נאָמען פון זיין בוך. דערמאָן איך דאָס נישט סתם אין דער וועלט, נאָר דערפאַר, וואָס דאָס ליד „גורל פון אַ קרייז", אויף זייט 54, איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם פּאָעט, וואָס זיין פּאָליטישער יסוד איז **בונדיזם**. איז לאָמיר זען דאָס ליד:

פון גליל איז אַ בשורה מיר געקומען,<br>און אין פריידן־פּלאַטער איינגעהילט מיין הויז:<br>נאָך אַן אייניקל פון מיין טאָכטער כ׳האָב באַקומען;<br>ס׳האָט אַלט־צפת אים, דאָרט, געבוירן אין זיין שויס.

אין די ווייטערדיקע סטראָפעס דערציילט דער פּאָעט ווי דער „גורל פון אַ קרייז" ביי אים האָט זיך אָנגעהויבן אויפן מוראַנאָו, מיט קלעפּ פון שקצים. ווי ער

איז דערנאָך פֿאַרוואָגלט געוואָרן קיין סיביר, בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע פֿון פּוילן. ווייטערדיקער וואַנדער האָט אים צוריקגעבראַכט קיין מאָסקווע, דערנאָך קיין וואַרשע, ביז ער האָט זיך דערשלאָגן קיין ריאָ דע זשאַנייראָ. און פֿון דאָרטן איז זיין טאָכטער אַוועקגעפֿאָרן קיין ישׂראל און זי האָט דעם קרייז פֿאַררונדיקט מיט געבוירן אַ קינד אין צפֿת.

משה לאָקיעטש איז רייך אין טעמעס; ער שעפּט זיי פֿונעם אייגענעם לעבן זיינעם. די ערשטע סעריע לידער אין דעם בוך איז „טייגע-לידער". קענט איר נישט אויסמיידן זיך נישט צו דערמאָנען אין לייוויקס סיבירישע לידער. פֿאַרשטייט זיך, אַז קיין פֿאַרגלייכן טאָרן מיר נישט מאַכן, נאָר עפּעס אין לאָקיעטשעס לידער אָטעמט מיט לייוויקס סיביר. נעמט די ערשטע סטראָפֿע ביי דעם סאַמע אָנהייב פֿונעם בוך:

מיט שטריק דורכן אַקסל, געקאָוועט אין שליטן,
אַ צעקאָלטנטע וויוגע — און איך אין דער מיטן,
איר ווירבל צעדריוולט, צעשטופּלט די שליאַכן;
די גלעזערנע הימלען צעבראָכענע קראַכן.

אַוודאי זענען דאָ אין לאָקיעטשעס לידער שטשערבעס, ווי טאַקע ביים סאַמע אָנהייב, אַז ער וויל גראַמען דאָס וואָרט „מאָכיק", זאָגט ער, אַז עס איז זיין „גורל דאָ קנאָכיק", וואָס אין דעם פּרייסטן צעשפּיל פֿון דער פֿאַנטאַזיע קען איך זיך נישט אויסמאָלן ווי אַ גורל איז קנאָכיק. אָבער ער פֿאַרמאָגט אַ קאָנקרעטע בילדלעכקייט, און אין איין ליד קען ער אַ זאָג טאָן:

דערגרייכט כ'האָב שוין די מדרגה
צו שטיין אויף דער שוועל פֿון פֿאַרגיין.

אין לידער פֿון בראַזיל האָט ער אַ ליד, „פֿאַוועלאַ בערג", וואָס איז דורכויס ניי אין דער פּאָעזיע אונדזערער. די פֿאַוועלאַ-בערג רינגלען אַרום ריאָ, און דאָרטן וווינען די אָרעמסטע בראַזיליאַנער, דער רוב נעגערס. מיט זיי איז לאָקיעטש געקומען אין קאָנטאַקט בעת ער איז נאָך געווען אַ פּעדלער, אָדער אַ „קלאַפּער", ווי דאָס הייסט אין בראַזיל. בכלל איז די סעריע לידער פֿון בראַזיל אַ געראָטענע,

כאַטש עס פעלט דאָס ביסל מיסטיציזם, וואָס דערהייבט די פּאָעזיע צו דער מדרגה פון וואָרט מיט נאָכוואָרט. לידער זענען דאָ, וואָס רירן אייך מיט זייער עכטקייט, מיט דער פּרימיטיוויקייט אַפילו פון דער איבערלעבונג אין זיי. אַזוי איז **„באַשערטקייט"**, וואָס געשריבן האָט ער דאָס צום עולה זיין פון זיין טאָכטער לוסיאַ קיין מדינת ישׂראל. ער זאָגט:

מיט גמראס כ'האָב זיך קיין מאָל ניט געברודערט,
אין פּרדס פון תּנ"ך אויך קיין מאָל נישט שפּאַצירט;
ס'האָבן שטורעמס מיינע זעגלען מיר גערודערט,
אין פרעמדע לענדער, דורך מלחמות, מיך געפירט.

און נאָך דעם, ווי ער מאָלט ווייטער דאָס שווערע לעבן זיינס, ווען קיין מאָל האָט אים „אויף קיין שולבאַנק קיין שמייכל נישט געגלעט", —

דערפאַר גייט איצט אויף מיין קינד אין לאַנד פון חנ'ען:
איר פרימאָרגן-בלי ס'האָט דערוועקט אַלט-ניי געזאַנג,
גייט לערנען תּנ"ך פאַר מיר און איר אין איינעם,
קוש איך, ווי אַ ספר, איר קיומדיקן גאַנג.

פאַרשטייט זיך, אַז ס'זענען דאָ ביי אים לידער פון געטאָ, נאָר מחדש צו זיין אין אַזעלכע לידער איז כמעט אוממעגלעך. וואָרים נאָך יצחק קאַצענעלסאָנס „ליד פון אויסגעשאָכטענעם פאָלק", און ז. סעגאַלאָוויטשעס צוויי לידער-ביכער פון דער געטאָ, איז נאָר אַ פּאָעט אַ גאון מעג זיך נעמען צו אַזעלכע לידער.

1970

פיניע פאַלאַטניק / ריאָ־דע־זשאַניירע

# „גורל פון אַ קרייז"

לערך אַ 20 יאָר אַז מ. לאָקיעטש איז געקומען פון „דאָרטן". דער שטורעם האָט אים אין יענע טעג באַגליקט מיט צענדליקער טויזנטער ייִדן, פאַרוואָרפן אין ווייטן קאַלטן צפון צווישן די טונדרעס און טייגעס.

דער צפון־פּאָל מיט זיין שניידיקער קעלט, ווו עס איז אומגעקומען אין פּליטים־גאַנג זיין פאָטער, דער ביטערער גורל פון די פאַרשיקטע און געטריבענע, די טייגע מיט איר ווילדער שיינקייט — דאָס אַלץ האָט זיך שאַרף אַריינגעשניטן אין געמיט ווי אין בלוט פונעם מחבר. אַ באַפרייטער, און ווען געקומען אַהער, צום דרום מיט זיין אייביקער זון און גרינס, האָבן די אַלע איבערלעבונגען, כּל ימיו, געמאָנט תיקון.

באַלד ביי זיין קומען אַהער, קיין בראַזיל, נאָכן האָבן אויסגעגלייכט זיין רוקן, האָט מ. לאָקיעטש גענומען אויפקלייבן און אויסדרן זיינע איינדרוקן פונעם „דאָרטן", כּדי זיי צו געבן דעם געהעריקן אויסדרוק.

באַשאַנקען פון אַ דיכטערישער פילבאַרקייט, האָט לאָקיעטש איינגעזאַמלט זיינע זכרונות־איבערלעבונגען אין זיין פּאָעטישן טיגל, וואָס ער האָט שוין, ווי עס שיינט, פאַרמאָגט פון פריער, זיי דאָרט געקאָכט און געלייטערט און זיי ווירקלעך געגעבן אַ דיכטערישן פורעם.

משה לאָקיעטשס ערשטע פּאָעטישע פּרוּוון זענען, שיינט אונדז, געווען די עטלעכע לידער, אָפּגעדרוקטע אין זאַמלבוך „ביטראָג" (ריאָ — 1956). יענע לידער, הגם שפּראַכלעך רויע, האָבן געצויגן די אויפמערקזאַמקייט מיט זייערע אימאַזשן און שטימונג. זינט דעמאָלט האָט ער פאַרעפנטלעכט זייער אָפט זיינע סטראָפעס אין די „ייִדישע צייטונג" פון ריאָ (שפּעטער אויך אין ניו־יאָרקער צייטשריפטן). מיר האָבן נאָכגעפאָלגט זיינע ערשטע טריט, און מיר האָבן באַגלייט מיט צופרידנקייט זיין בהדרגהדיקן וווּקס. און נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אונדזערע טעג זענען גאָרנישט ראוי פאַר פּאָעזיע, האָט לאָקיעטש זיך אָנגענומען מיט מוט, און געגעבן זיינע שאַפונגען אויך אַן אויסערלעכע פאָרעם — זיי איינגעטאָוולט.

כאָטש זיין טעמאַטיק איז אַ פאַרשיידנאַרטיקע באַזיצט דער מחבר אַ באַזונדערן חוש פאַר דער לאַנדשאַפט. ער האָט אַן אויג אויפצוכאַפּן אירע ניואַנסן און אַ געניטן פענדזל זיי אויפצומאָלן אויף די לייוונטן פון זיין וואָרט. ער פאַרמאָגט שפּראַך־רעסורסן (אגב איז די שפּראַך ביי אים ערטערווייז נישט קאָנטראָלירט און נישט באַהערשט), דורך וועלכע אים געלינגט אַריינצוגעבן ביאָלאָגישן אָטעם אינעם דומם ווי אין צומח, וואָס שאַפן אַזוי אַרום די גראַציע פון זיינע געמעלן.

אינעם לידערבאַנד מערקן זיך דרייערליי לאַנדשאַפטן: איינע פון עקסטרעמען צפון, ווו דער דיכטער האָט אַדורכגעלעבט אַ טראַגישן עפּיזאָד — דעם טויט פון זיין פאָטער. די צווייטע איז פון ווייטן דרום — אונדזער ליכטיקע בראַזיל, ווו דער דיכטער האָט אויפגעשלאָגן זיין ניי געצעלט, און טוט געניסן פון זיינע ברכות. דער דריטער פייסאַזש איז דער פון מיטעלן מזרח — ישׂראל, מיט וועלכן דער מחבר האָט אַ געוויסע שייכות, אַ דאַנק דעם חומש מיט רש״י, וואָס ער האָט אין דער יוגנט געלערנט, און אַ דאַנק די באַזוכן וואָס ער האָט דאָרט געמאַכט, צוליבן עולה־זיין פון זיין טאָכטער.

די בעסט־געשריבענע לידער־סעריע פון בוך איז די וואָס שפּינט אויס די לאַנדשאַפט פון דער טייגע. מער ווי אַלע אַנדערע, וואָס אין בוך, אַפּעלירט זי צו אונדזער געמיט. דער אייז־קאַלטער עקסטרעמער צפון אָטעמט דאָ מיט מער וואַרעמקייט ווי דער הייסער דרום. דעם מחבר געלינגט נישט נאָר צו צייכענען דורך בולטע ליניעס דעם אויסטערלישן אַמביענט מיט זיין גרויליקער שיינקייט, ווי אויך צו שאַפן פאַרן לייענער אַ וואַרעמע שטימונג. ער איז דאָ ווייניקער הערמעטיש און מער קאָמוניקאַטיוו. מען שפּירט דעם דינעם וואַרעמען טרויער וואָס וועבט זיך אַרום דעם קאַלטן און טרוקענעם פייסאַזש. זאָל עס זיין דערפֿאַר, וואָס דער פּאָעט האָט דאָ איבערגעלעבט אַ טראַגישן עפּיזאָד — דעם טויט פון זיין פאָטער, וואָס איז אויך אַ סימבאָל פון טויזנטער אומגעקומענע ייִדישע ווי אויך נישט־ייִדישע טאַטעס? אָדער דערפאַר וואָס די ערד און לופט פון דעם ווייסן קאַלטן גהינום זענען אַדורכגעזאַפט מיט הייסע מענטשלעכע יסורים, וואָס נאָר די רשעות פון די מענטשן האָבן געקענט גורם זיין? (אַ מאָטיוו וואָס האָט ביי לייוויקן דערגרייכט דעם קלימאַקס פון קינסטלערישער רייפקייט). לאָקיעטשן געלינגט — נישט געקוקט אויף די האַמעטנע שורות וואָס זענען דאָרט פאַראַן — צו מאַכן אונדז הערן דעם פאַרבאָרגענעם קלאַנג פון דער טייגע. אַזעלכע לידער ווי „מיין טאַטנס וואָליקעס״,

אָדער „מיין חבר באַרקע״, פאַרמאָגן לירישן שוווּנג, געמיט, און זענען בכּוח איבערצוגעבן דעם לייענער זייער וואַרעמע שטימונג. דאָס זענען סטראָפעס וואָס געפינען זיך — אַ דאַנק זייער אויפריכטיקן טאָן — אויף אַ פּאָעטישער מדרגה. זייער שפּראַך איז פליסיק און גרינג און זענען געשריבן מיט טאַלאַנט.

צוליב מאַנגל אין פּלאַץ וועלן מיר נישט ציטירן קיין שורות וואָס זאָלן אילוסטרירן דאָס געזאָגטע. ראַטן מיר דעריבער דעם לייענער צו ווענדן זיך דירעקט.

אויך ווערט מ. לאַקיעטש עמפּינדלעך און פאַרכאַפּט פון דער געבראָכענער ליניע, פון דעם באַרגיקן פּייסאַזש פון זיין נייער היים. די לידער אַרום טערעזאָפּאָלים און נאָוואָ-פריבורגאָ דריקן אויס געטריי זיין קינדישן ענטוזיאַזם פאַר דער בראַזי-ליאַנער לאַנדשאַפט מיט איר פאַרכאַפּנדיקער שיינקייט, וואָס איז פול מיט זון און לעבן. אין די עטלעכע לידער וויַיזט דער מחבר אַרויס — מיטן אויסנאַם פון אַ פּאָר שורות — אַ געוויסע דאָזע רייפקייט. אויך דאָ איז זיין שפּראַך גרינג און פליסיק און שטעלט צופרידן אַפילו דעם לייענער-מפונק.

אויך פאַר די איינדרוקן פון ישׂראל דינט אים זיין פּערז מיט הצלחה: צי דורך זיין טאָכטער, וואָס „העלפט ישׂראלס גרענעצן היטן״, צי דורך זיין אייניקל וואָס:

> ווייזט מיר זיין ניי געצעלט:
> אַ בונקער פול מיט שפּילצייג נייע...

צי דורך ישׂראלס בראַווע קינדער „וואָס גייען אויף עקדות און שטאַרבן אויף מינעס״...

לאַקיעטש קאָן אויפכאַפּן די דינקייטן פון ישׂראלס צאַפּלדיקער ווירקלעכקייט.

אינטערעסאַנט, וואָס דער פּאָעט, וואָס איז פון פאַך אַ סטאָליער, וויַיזט אַרויס די זעלבע ליבשאַפט צו זיין באַרוף ווי צו זיין קונסט. „אַ שאַנק און אַ שיר״; זיין מעבל-וואַרשטאַט ווי זיין וואָרט-לאַבאָראַטאָריע געפינען זיך אונטער איין דאַך; פאַרשטענדלעך אַז זיי ביידן מוז אָפּטיילן אַ וואַנט — ס'איז דאָס ווענטל וואָס המבדיל בין קודש לחול... ער דערמאָנט אָן גרויסן ליריקער אונדזערן, — מאַני לייב, וואָס ווי אַ שוסטער פון פאַך האָט ער קיין מאָל נישט פאַרגעסן אין דער אָל, וואָס ער פלעגט נישט איין מאָל צונויפגיסן מיט זיין געבענטשטער פעדער.

*

די שפּראַך אין דער פּאָעטישער קונסט וואָלט מען געמעגט פאַרגלייכן צו אַ וואַזע וואָס אין איר האַלט זיך אויף דאָס ליכט פון באַטרעפנדיקן דיכטער: וואָס דעליקאַטער, וואָס דינער איר פאָרצעלאַן, אַלץ גרינגער שלאָגן זיך אַדורך די שטראַלן פון זיין ליכט...

דעריבער באַדאַרף דער דיכטער אָפּהיטן די דאַזיקע טייערע כּלי פון יעטוועדן שמיץ און שטויבל. אָבער שפּראַך־לויטערקייט איז אונדז נישט מזכּה באַלד ביי די ערשטע טריט. זעלטן, זייער זעלטן, אַז זי שיינט־אויף באַלד מיט די ערשטע לידער, דערצו איז לאו כּל דיכטער זוכה. אין די מיינסטע פאַלן גייט אויף די שפּראַך־רייפקייט ווי אַ ברכה ערשט נאָך יאָרנלאַנגער מי און האָרעוואַניע.

עס קומען אויפן זין אַזעלכע באַטראַכטונגען ווען מען טרעפט זיך אָן מיט אַן ערשטלינג ווי עס איז „גורל פון אַ קרייז". דער מחבר האָט מיט וואָס צו קומען צום טיש, פאַרמאָגט עלעמענטן צו ווערן אַ וואָגיקער דיכטער. איז דעריבער אַ שאָד וואָס ער פּאַסט ווייניק אויף אויף דעם איידעלן אינסטרומענט וואָס הייסט שפּראַך. עס שאַפט זיך דער איינדרוק, ביים לייענען זיינע סטראָפעס, אַז ביי זיין מינדעסטער אָנשטרענגונג וואָלט אַ שלעכט געבויטע שורה געקענט געבעסערט ווערן, פליסיקער ווערן און אַזוי אַרום ווייניקער באַשווערן דעם לייענער; ביי אַ קלענסטן קאָנטראָל, וואָלט אַ געענדערטע שורה געקענט פריי מאַכן דעם וועג פאַר דער אויפגייענדיקער שטימונג...

לאָקיעטש לאָזט זיך אויך באַהערשן טייל מאָל פון יצר־הרע וואָס הייסט גראַם. ער ווערט נישט איין מאָל נכשל און פאַרפירט פון אים. דאָס זענען אַלץ פּגימות וואָס זענען אייגנשאַפטלעך פאַר אַן ערשטלינג, און קענען מיט דער צייט עלימינירט ווערן.

לסוף: מיר וואָלטן געוועזן אומאויפריכטיק ווען מיר וואָלטן, שרייבנדיק די־אָ שורות, די אויבנדערמאָנטע באַמערקונגען נישט געמאַכט, און מיר ווילן שטעלן אַ פּונקט מיט אַ:

משה לאָקיעטש, סאַלוט!!!

1969

באָרווין פרענקעל / פּאַריז

## משה לאָקיעטש — „גורל פו אַ קרייז״

די לידער פון משה לאָקיעטש, וואָס געפינען זיך אין זיין ערשטן בוך „גורל פון אַ קרייז״ (ניו־יאָרק 1969) זענען כמעט אַלע דורכגעלעבטע, פול מיט צייט־גרויל און גורל (באַמערקט די זעלבע אותיות פון די צוויי ווערטער) און דערפאַר זענען זיי רירנדיק, פשוט מענטשלעך און דירעקט. דאָס זענען ווי קינות. אמת, דעם ס׳גאַל לידער פאַרמאָגן מיר, צום באַדויערן, זייער אַ סך, אָבער ביי משה לאָקיעטש זענען זיי פאָרט אַנדערש, כ׳וואָלט געזאָגט, ווייניקער קינסטלעריש אָפּגעהובלט דערפאַר אָבער אַרטיזאַנאַל ווערטפולער און עמאָציאָנעלער.

דאָס איז אפשר אַ צו ליכטיקע אַסאָציאַציע־שפּיל פון מיין זייט, ווייל פון דעם שיינעם אַריינפיר־וואָרט פון שרייבער און עסייִסט ח. ש. קאַזדאַן, דערוויסט מען זיך אַז משה לאָקיעטש איז פון פאַך אַן אַרבעטער, אַ סטאָליער, נאָך היינט אַפילו, אין דער שטאָט ריאָ (בראַזיל). „מיט יאָרן צוריק — שרייבט ח. ש. קאַזדאַן — איז ער געווען אַ תלמיד פון דעם סעמינאַר פאַר ייִדישיסטיק ביים פאָלקס־אוניווערסי־טעט קולטור־ליגע מיט וועלכן איך און מיין חבר שלמה מענדעלסאָן האָבן אָנגעפירט״.

„פון פאַך אַ סטאָליער איז ער אַזוי פאַרבליבן זיין גאַנץ לעבן״. „עס האָבן אים געטריי געדינט די הענט זיינע געהאָרכזאַמע, צעאָדערטע און שטילע״ (...)

לייענענדיק זיינע לידער פילט מען טאַקע אַז מיט אַזעלכע הענט און מערער, מיט אַזאַ האַרץ, האָט ער פאַרפאַסט די לידער, וואָס יעטוועדעס איז אַ מין עפּיזאָד פון זיין ביאָגראַפיע פון דעם „גורל פון אַ קרייז״ אפשר פון אַ „פאַרכישופטן קרייז״ פון וועלכן קיין אַרויס איז נישט מעגלעך. דערפאַר פון איין זייט די מעבלשטיק אויסגעטאָקטע אין פאַרשידענע סטילן און פון דער אַנדערער זייט, זיינע לידער, פון איין סטיל, געפורעמט פון גורל, וואָס איז ווי מיר ווייסן אומפאַרמיידלעך.

אַזוי אויך לאָקיעטשס לידער וועגן זיינע וואָגליאָרן, זיין ווייטן שוואַרץ־ווייסן סיבירער צפון, ווו נעבט דויערן אין אייז פאַרגליווער ניין חדשים:

ווייסע שנייען, בלויער פראָסט, זאַווערוכע האַלט אין הוליען,
אַ גרויליק באַנען־פייף דערמאָנט מיין אָנהייב, ס׳גרוילט מיט סוף.
כ׳זוך די שטוב מיט קוימען רויך, ס׳זאָל אַ וואָרעם מיך פאַרטוליען,
כאַטש אויפטייען דריי אותיות פונעם וואָרט באַפעל: האָף!

איך ציטיר די פיר שורות פון ליד „אַ נאַכט אין קאַטלאַס״ (אַ שטאָט, ווו עס זענען דורכגעגאַנגען אַלע פאַרשיקונגס־טראַנספּאָרטן צום וויטן סאָוועטישן צפון), בלויז צוליב דעם וואָרט „האָף״, ווייל דאָס איז אויך דער באַשטאַנדטייל, אַן אני־מאמין פון זיינע לידער, טראָץ די גרוילהאַפטע איבערלעבונגען. זיי זענען זייער „בקיצור״ ווי שוין דערמאָנט, אָבער די לידער פון דעם אייזיקן צפון־פּעריאָד (געשריבן אפשר אין זוניקן בראַזיל) פאַרמאָגן אַ שלל מיט דראַמע און טראַגיק וואָס וואָלטן קלעקן פאַר פילבענדיקע פראָזעווערק. נאָר דער צימצום און די זאַכלעכקייט זייערע פאַרענגען ווייט נישט די ליכטיקע און פּאָעטישע עקספּרעסיע וואָס די לידער פאַרמאָגן און גיבן זיי אונדז איבער. (טיילווייז, נישט אַלע).
באַזונדערס רירנדיק, עמאָטיוו, זענען די לידער געווידמעט זיין טאַטן ווען די אייז־קאַלטע פּאָלאַרע נאַכט און דער רעזשים האָבן פאַרשלונגען.
מאַנכע פון די לידער געווידמעט דעם טאַטן זיינעם, זענען ווי אַ מאָדערנער קדיש:

פאַרגעלט איז ס׳פּאַפּיר, פון קריגס־צייט נאָך דאַטירט
אין קורצע שורות פינף ווערט דערציילט,
אַז פּישל שליאַמאָוויטש, ווערט הייגט אַמנעסטירט
און ס׳האָט די שטראָף זיין זינד שוין אויסגעהיילט.
„די באַלאַדע פון מיין טאַטן און זיין באַפרייאונגס־שיין״

און אונטער דעם טיטל פון דער באַלאַדע איז דערמאָנט אין אַן עפּיטאַף די רעאַלע ווירקלעכקייט:
„מיין טאַטע איז באַפרייט געוואָרן פון פאַרשיקונג אויפן סאָוועטישן צפון, און באַלד דערנאָך געשטאָרבן. כ׳האָב אים דאָרט באַערדיקט און פון אים מיטגענומען, דעם איינציקן אָנדענק — זיי באַפרייאונגס־שיין״.

— „ווי קומט צו דיר — זון מיינער, געטרייער
דו זאָלסט מיין פריי גאָר מיטנעמען מיט זיך?
ווייל אָן דעם שיין, מען וויל מיך נישט באַפרייען,
זיי גלויבן נישט, אַז דאָס טאַקע בין איך.

מער ווי צוואַנציק יאָר, כ׳בין דאָ אויפן צפון
אויפן זעלבן אָרט, ווו דו האָסט מיך געלאָזט
און אַלע יאָרן האַלט איך נאָר אין האָפן,
אַז קומען וועסטו מיטן טייך — באַלד נאָכן פראָסט.

ס׳איז מיר נישט גוט דאָ, זון מיינער אין טייגע
אַליין צו זיין אין צפונדיקער נאַכט.
ס׳איז שניי און פראָסט אויף אַלטער אַלץ מדרגה.
איך בין אָן שטיוול, נישט פאַר דיר געדאַכט.

ס׳מיר שווער געווען אַרויסצוגיין פון קבר,
אַ צו גרויסן שטיין האָסטו אויף מיר געשטעלט.
איצט, דאַנקען גאָט, כ׳ריר שוין מיט אַן אבר,
ווייל יאָרן צען, ווי די מצבה פעלט...

עס דערמאָנט אַ ביסל אין איציק מאַנגערס באַלאַדן ווי ער וואָלט זיין פון זיי אינספּירירט, נישט מיט דער טעמאַטיק, נאָר מיטן אופן און דעם פאָלקסטימלעכן עלעמענט וואָס זי פאַרמאָגט.

אין אַן אַנדער באַלאַדע דערציילט דער דיכטער ווי אַ שכן איז אַרייגעקומען אין קיביטקע און געבראַכט דעם „טאַטנס ברויט פון קאַרטע” „אַ פּענעץ, וואָס ביים לעבן האָט אים נישט געזעט” און איצט ליגן זיי ביידע, דער פּענעץ און דער טאַטע, פאַרפרוינע, האַרטע. און דער פּענעץ ברויט ווי ער וואָלט געוואָרנט:

וועד ס׳וועט מיך געניסן האָט געוואָלט ר׳זאָל שטאַרבן.

ווערט אַזוי דאָס שטיקל ברויט, וואָס איז פאַר אַלעמען דאָרט געווען דער איינ־ציקער לעבנס־דערהאַלט נישט בלויז דער סימבאָל פון לעבן, נאָר די פאַרקערפּערונג

זיינע, ווערט עס אין דער באַלאַדע ווי באַלעבט, באַקומט אַליין אַ מין חיות און דריקט אוים דעם טאַטנס פּיצל לעבן:

ליגט ס׳ברויט ווי אַן אָבל אין שוואַרצן און טרויערט.

די הויפּט־מעלה פון דעם ליד טראָץ זיין טיפער עמאָטיווקייט און אָבל־מיט־געפיל וואָס עס רופט אַרויס, איז וואָס עס איז אויך גלויבנסווערט. און דאָס איז אַ מדרגה, וואָס נישט אַלע פּאָעטן באַווייזן עס.

די לידער וועגן טאַטן זענען ווי אַ רעקוויעם.

אין דעם ווינטער פון יאָר טויזנט און ניין הונדערט צוויי,<br>
ווען ס׳האָט נאָצי דעם מערב סך־הכלט מיט בליי,<br>
ס׳האָט אַ הונגער געזעטיקט אַרום אַלץ מיט געביין<br>
און די ערד האָט געגערט אים מיט מענטשלעכער פּיין!

„דורך וויכער און ווינט"

און אין יענער נאַכט ווען זיין טאַטע איז געשטאָרבן:

אין יענער נאַכט האָט מיין טאַטע־דאָס בלוט פון מיין בלוט<br>
געשענקט מיר אין צאַפּל זיין לעצטע מינוט

— — — — — — — —

נאָר איך טראָג אים, אין וואַנדער, כ׳וויל זיין אים אַ זון.

לעבט ער צוויי לעבנס: דעם פון טאַטן און דעם אייגענעם, דעם האַרעפּאַשנעם און פּאָעטישן צוגלייך.

דער ציקל לידער פון דעם בוך געווידמעט דעם טאַטן, דעם צפון בכלל, זיינע אייגענע איבערלעבונגען — זענען פון די שטאַרקסטע אין בוך. אָבער אויך פיל אַנדערע פאַרמאָגן זייער אייגענעם אויסמעסט, בילדעריש שילדערט ער זיין נייעם לעבן און דער עיקר די לאַנדשאַפט פון בראַזיל.

אין לענדער נייע, מיט זון פאַרגאָסענע,<br>
מיר קומען, אין טרויער ניט געלאָשענע

פון היימען ווייטע, אין אַש געקליבענע
דורך פינצטערע גורלות געטריבענע.

„פּליטים-גאַנג"

אין אַ ליד געווידמעט בראַזיל דיכטעט ער צווישן אַנדערע די פערזן:

דיין שימער איז אַ גאָלדיקע ראָם, עם צעפּוישט
רעליעפער די זאַטקייט פון לוקסוס-פּאַלאַצן.
דיין שאָטן איז הונגער פון פאָלק. אין זיין מילדקייט
זיך זעטיקט — דערוויל — מיט סאַמבעס פויק און טאַצן.

„ריאָ-דע-זשאַניירא"

„דערוויל". מען פילט אַז לאַקיעטש פּרווט אפשר אויסזאָגן אין ליד נישט בלויז די שיינקייט פון לאַנד נאָר אויך דעם אומעט און אומגערעכטיקייט וואָס הערשן נאָך אַלץ אין דעם רייכן מאָדערנעם „בראַזיליאַ" און דערוויל טאַנצט מען בעת די קאַרנאַוואַלן אין ריאָ... אָבער רערוויל...

שוואַכער זענען, לויט מיר, די סאָציאַלע, מאָטיוון, וואָס ער באַרירט אין די בראַזילישע לידער ווי למשל „פּאַוועלאַ", אַ טייל פערטל פון שטאָט ווו עס ווינען צונויפגעפּרעסט אויף בערגלעך הונדערטער טויזנטער שוואַרצע, אַ מוראדיקער „בידאָנ- וויל". זיי זענען נישט בלויז שוואַכער אין אינהאַלט, נאָך עס פאַרפעלט זיי אויך פּאָעטישער אָטעם און אייגנאַרט. גראָד די וואָס ער פאַרמאָגט אין זיינע לידער פון „אַמאָל", דעם „אייז קאַלטן", דאָרטן איז ער „ווי אין דער היים", דאָ אין זוניקן לאַנד איז ער ווי אַ פרעמדער, פאַרשטייט זיך ווי אַ דיכטער.

מער צום האַרצן, דאַכט זיך, ידישן, זענען זיינע לידער פון ישראל (ווו עס ווינט איצט זיין טאָכטער). אויך דאָ ווי אין די לידער פון זיין מאַטן איז פאַראַן דאָס גאַר שטאַרקע בלוט-און משפּחה-געפיל וואָס קלאַמערט, העפט צונויף, עקזאַלטירט אין לירישע סטראָפן.

דאָ, איז עס כּלפּי זיין טאָכטער און זיין אייניקל, דורך זיי באַקומט אויך די לאַנדשאַפט אַ באַזונדערע פּאָעטישע באַלויכטונג, ווו געדאַנק און אידעע דריקן אוים אַ מין משפּחהדיקע אומאָרעמונג אין סטראָפן.

דאַקעגן קלינגט אַ פּאַטעטישער טאָן אין זיינע חורבן־לידער, און דערפאַר זענען זיי ווייניקער איבערצייגנדיק, ווי למשל דאָס ליד געווידמעט דעם יאָרטאָג פון וואַרשע־ווער געטאָ־אויפשטאַנד.

נאָר די בלויזן ווערן רעהאַבילימירט דורך לידער פול מיט בטחון, ווייל לאָקיעטש איז רק בטחון.

דער בטחון קומט צום אויסדרוק אין זיינע לידער געווידמעט דעם יידישן לשון. אין וויטן ריאָ, צווישן הובל און זעג, חלומט דער פּאָעט און סטאָליער וועגן המשך און לעבן פון שפּראַך:

מאַכט נאָך נישט קיין הספד דעם יידישן וואָרט, דעם „פאַרגייער"
מיר זינגען נאָך לידער מיר היטן נאָך ס'הייליקע פייער...

— — — — — — — —

מיר זיינען און בלייבן מיט יידיש — אַ צווילינג אַ סיאַמער —
מיר זיינען איר פאָלק און איר לאַנד זיינען אונדזער הארץ איז איר שייער
און זאָל יידיש זיין דער באַנייער.

„יידיש"

מיר זענען אין דעם פאַל מוחל דעם דיכטער די האַמעטקייט און מאַנגל אין ריטם און לירייזם, און דאָס צוליב זיין גלויבן אין יידיש ווייל דער עיקר איז גלויבן. פּאָעזיע איז מיט אַ שטאַפּל נידעריקער.

נאָר זיכער איז, אַז לאָקיעטש פאַרמאָגט אין דעם בוך מערערע לידער, וואָס זענען פון אַ פּאָעטישן ווערט. דער עיקר זיינע לידער פון וויטן צפון.

1969

מאיר קוטשינסקי / סאַן־פּאַולאָ

# אַ דיכטער — אַ יגיע־כּפּיים

אייגנטלעך איז שווער עפּעס מוסיף זיין צו דער הקדמה פון ח. ש. קאַזדאַן. דאָרט איז גאָר טרעפלעך געזאָגט געוואָרן וועגן בוך און זיין מחבר. פאַר אונדז איז געבליבן בלויז עפּעס צוצוגעבן.

מיר זענען נישט אין גאַנצן מושלם מיטן נאָמען — „גורל פון אַ קרייז", וואָס ווערט ערשט שפּעטער אַ ביסל פאַרשטענדלעך נאָכן איבערלייענען דאָס ליד מיט אָט דעם נאָמען. אָבער מיר האָבן נישט קיין רעכט צו דיסקוטירן. אונדזער אויפגאַבע איז זיך שטעלן אינעם רשות־היחיד פון מחבר, אים פאַרשטיין, אים גורם זיין און אים מפרש זיין.

זענען מיר גלייך מכריז ומודיע: סיי דער נאָמען און סיי דאָס ווערק, זענען אָריגינעל בתכלית אָריגינעלקייט.

פון פיר עלעמענטן איז געשאַפן די זאַמלונג, בעסער געזאָגט: פון פיר קריטעריומס דאַרף זי ווערן געשאַצט: א) שפּראַך און טעכנישע פאָרעם; ב) אינטימע נשמה־וועלט פון מחבר; ג) פייסאַזשיסטישער דרויסן; ד) היסטאָריש־פּאָליטישער מאָמענט.

ווי איר זעט איז עס — וועדליק אַ לידער־זאַמלונג — אַ נישקשהדיקער אָפּעראַציע־פאַרמעסט.

משה לאַקיעטש געהערט צו יענע שרייבער, וואָס לשון איז זיי נישט געשענקט געוואָרן ביד רחבה. ער מוז זיין לשון אַליין, בידים, זיך אויסקאָווען. ביי אַנדערע דיכטער — וואָס באָדן זיך אין ווערטער־ים — קומט צום ערשט דאָס וואָרט, שאַפט דאָס וואָרט די טעמע, דעם רעיון; ביי לאַקיעטשן איז עס להיפוך, צום ערשט וואַקסט אויס די זאַך: דאָס בילד, די געשטאַלט, און דאַן ערשט דאָס וואָרט, מיט וועלכן ער פאַרענדיקט די שאַפונג. דאָס זאָגן מיר לגמרי נישט לגנאי, אדרבא: אָט אַ די האָרעפּאַשנעקייט איז מגלה די פּאָעטישע ערלעכקייט און פאַרטרייבט יעדן שמץ פון פּוסטקייט, פון רעטאָריק און מליצה. כּידוע, איז אין דער פּאָעזיע, נאָך מער ווי אין דער פּאָליטיק, שכיח פּראַזעאָלאָגיע, שיין־רעדעריי, ווערטערשוים. לאַקיעטש בויט

יוסט זיינע חרוזים, אָבער בעסער מיט אַ וואָרט צו קנאַפּ, איידער מיט אַ וואָרט צו פיל. הגם די שורות זענען נישט תּמיד מוזיקאַליש, האַרמאָניזירן זיי אָבער תּמיד מיט דער טעמע. אַנדערש איז דער ריטם, למשל, פון די „פּאַוועלאַ-בערג” און אַנדערש איז דער ריטם, דער שפּעדיקער עפּישער ריטם, — פונעם „גרינעם” פּעדלער, דעם פאַר־זונקענעם אין ביטערע מחשבות, הלמאי זיינע אַ מאָל שעפערישע הענט, ווערן איצט פאַרשעמט דורך זיינע פּיס. אגב זענען די דאָזיקע צוויי דערמאָנטע לידער די רייפסטע, נישט בלויז פּאָעטיש-טעכניש, נאָר אויך סאָציאַל-עטניש. מיר געפינען אין די געציילטע פערזן אַ מיניאַטור פונעם פולן קאָמפּלעקס בראַזיליאַנער פּראָבלעמאַטיק.

אַנדערש איז איינגעשטעלט די האַרמאָניע, — מיר מיינען די האַרמאָניע טעמע־פאָרם, — אין „גליל העליון” ווו תּנכישע שלווה איז געאָרעמט מיט חלוצישן גלויבן און מי:

באַגלייט מיט אַ שטילקייט, אַ טיפער, אַ ריינער
און מעבירן סדרהס פון חומש מיט אַלטיטשקע שטיינער.

לאָקיעטש, — נישט באַדנדיק זיך אין אַ רחבות פון לשון, האָט פון דעסטוועגן אַ פיינעם געפיל פאַרן צוקלייבן דאָס געהעריקע וואָרט. אַ מין עמפּירישע וואָרט־אינטויציע, וואָס קאָנטרבאַלאַנסירט דאָס למדנות ביי אַנדערע וואָרט-שוימיקע פּאָעטן. ס'איז אַ דיכטונג אָן אָרנאַמענטיק, אָן פליטערלעך, אָן צעפלאָסענע השתּפכותן. מחמת דעם, דוכט זיך, אַז זי איז דורכגעווייקט מיט אַ ספּעציפישער שטימונג, מאַנכעס מאָל אַפילו מיט אַ ירגזונדיקער, דורך די האַרבע ביטערע ווערטער: דער דיכטער גופא איז זיך מודה:

מיט גמראס כ'האָב זיך קיין מאָל ניט געבראָדערט,
אין פרדס פון תּנ"ך אויך קיין מאָל נישט שפּאַצירט.
ס'האָבן שטורעמס מיינע זעגלען מיר גערודערט
אין פרעמדע לענדער, דורך מלחמות, מיך געפירט.
„באַשערטקייט”

זיין דיכטונג איז נישט קיין שטראָמענדיקע, קיין פליסנדיקע. ס'איז אַ דיכטערישע בויונג, אָבער נישט קיין שטיינערנע, פאַרגליווערטע, נאָר דורך אַ ריטמישן מעכאַניזם, מיט עצבות און לעבנס-חשיבות איבער געשטרייפטער שאַפונגס-פּראָצעס. נישט בלויז פאַר דער שיינקייט, פאַר דער עסטעטיק, נאָר אויך פאַרן געמיט.

כ׳וואָלט געוואָלט ס׳זאָל נישט פעלן קיין פונקט, קיין צייכן
ס׳זאָל די שאַנק זיין אין מאָס ווי אַ גוטער סאָנעט;
כ׳וואָלט געוואָלט, אַז מיין ליד זאָל יעדערן גרייכן
מיט דער זעלישער רו, ווי דעם מידן מיין בעט.

„כ׳וואָלט געוואָלט"

אין די דאָזיקע פערזענלעכע שורות אַנטפּלעקט זיך די פּאָעטישקייט פון לאָקיעטשן, נישט בלויז ביים שרייבן, נאָר אויך ביי זיין אַרבעט. אום זונטיק קומט טאַקע פאָר, אַז:

אָן קראַפט, מאָטאָרן וועלן היינט נישט זשומען,
און זעגן וועלן שטשירען בלאַנקע ציין,
די פאַבריק וועט נישט וואַרטן אויף מיין קומען
כ׳וועל קענען בלייבן מיט מיין ליד אַליין.

„זונטיק-רו"

געדענקען מיר די טעמאַטיק פון די ערשטע דיכטער אין אַמעריקע — מאָריס ראָזענפעלד, באָווש אָוווער — זיי זענען דערשטיקט געוואָרן פון דער אַרבעט. אַ וועלט לידער זענען אויף דער טעמע געשריבן און געזונגען געוואָרן. ביי לאָקיעטשן איז זיין אַרבעט אַ שאַפונגס-פּראָצעס, אַ דיכטונג, אַ קוואַל פון אינספּיראַציע. נישט בלויז אַ טישלער איז ער, נאָר אַ בריקן-פאַרלייגער, פונעם נעכטן צום מאָרגן. הגם פון אַן אַנדערער שטימונג און צו אַן אַנדער כּוונה, זאָגט ער אין אַ ליד:

ווען כ׳וואָלט פון די ערטער, וואָס כ׳האָב אַלץ באַריטן.
גענומען צו איינציקע זאַמדעלעך בלויז,
געסטייעט זיי וואָלטן אַ תּהום צו פאַרשיטן
און אויך צו פאַרלייגן אַ שוועל פאַר מיין הויז.

„אין זכות פונעם נעכטן"

פון די אויבנדערמאָנטע ציטאַטן, וואָס זאָלן, כּלומרשט, באַריכטן בלויז שפּראַך און טעכניק, האָבן מיר זיך, נישט-ווילנדיק, דערנענטערט צום צווייטן אַספּעקט פון

לאַקיעטשעס דיכטונג: די אינטים־פּערזענלעכע וועלט פון מחבר. זענען דאָך די לידער כּמעט ריין־פּערזענלעכע, כּמעט אויטאָביאָגראַפישע.

אָבער דאָ שטייען מיר פאַר אַ ווונדערלעכער אַנטפּלעקונג: גראָד אָט־אָ די כּלומרשט־אייגענע, אינדיווידועלע, צו זיך און צוליב זיך און פאַר זיך געזונגענע שורות, רודערן אויף אונדזער געמיט, פילן אונדז אָן מיט פאַרשידענע מחשבות.

באמת אַ פּאַראַדאָקסאַלע דערשיינונג: גראָד יענע דיכטונג, וואָס איז אַדרעסירט צום כּלל, לאָזט אונדז קאַלט; יענע ווייטער, וואָס איז וואַרעם אַרוים פונעם ליידנדיקן יחיד, און איז אַזוי צו זאָגן, אינדיווידואַליסטיש, דרינגט אַריין אין די הערצער פון אַלע.

לאַקיעטשעס לידער זענען געשאַפן געוואָרן אויפן באָדן פון ריין־יחידישע ליידן, פון ריין־פּערזענלעכע בענקשאַפטן. די סעריע, וואָס איז געווידמעט דעם פאַרשטאָר־בענעם טאַטן זיינעם, זענען גורם אַ ים געפילן. — „ואקברה שם בדרך", — דערמאָנט עס. וויפל טרערן האָבן אונדזערע מאַמעס פאַרגאָסן דערביי.

מיר זענען אים פּשוט מקנא און מיט בושה מוזן מיר זיך מתוודה זיין: מיר וואָלטן זיך נישט געקענט דערהייבן צו אַזאַ מאָראַלישער חייך, נאָכצוזינגען אַ נישט־איבערגעריסענעם קדיש־ליד, און מיט טרויער זאָגן מיר פאַר, אַז אונדזערע קינדער וועלן עס נאָך ווייניקער טאָן.

עס איז מער ווי כּיבוד־אב. עס איז אַ פּאָעטיש־פילאָזאָפישער שלימות פון דורות, פון ביאָלאָגישער נישט־צעריסנקייט:

רעדט דורך מיר מיין טאַטע, כ'דערקאָן אין קול זיין ציטער.
בליקט אַדורך מיינע אויגן, מיין גורל־גאַנג ער זעט;
געוואָרן כ'בין זיין המשך. — געוואָרן טאַטע־שפּליטער,
פאַרוואָרפן איבער ימען, איבער ווייטע, פרעמדע שטעט.

אַזוי לעבט אויף מיין טאַטע, אויך טויט־זיין האָט אַ שיעור.
כאָטש זיין האַרץ יאָרן צוועלף האָט קלאַפּן אויפגעהערט,
אַריין אין מיינע בלוטן איז, צעצווייט דעם „איך" אין מיר.
איז זיינען מיר ניט איינזאַם מער. אַליין איז ער ניט מער.

„מיין טאַטע"

דערמאָנען מיר דערביי, אַז דעם דיכטערס פֿאָטער איז אויסגעגאַנגען, אַ פֿאַר־וואָגלטער, אויפֿן ווייטן סיבירער צפֿון און דער זון, אונדזער דיכטער, האָט אים באַגראָבן ערגעץ אין סטעפּ, „אַ פֿאַרפֿרוירענעם אונטער אַ שטיין".

דאָ דערנענטערן מיר זיך צום דריטן עלעמענט, — דעם פּייסאַזשיסטישן.

און, הערט אַ מעשׂה! אויך אַ צווייטער און גאָר באַרימטער דיכטער אַברהם סוצקעווער האָט באַגראָבן זיין פֿאָטער אין דער סיבירער טייגע און באַשריבן די קבֿורה אין דעם ליד „צום טאַטן", אין זיין פּרעכטיק אַרויסגעגעבענער פּאָעמע „סיביר", וואָס איז וווּנדערלעך אילומינירט דורך מאַרק שאַגאַל. עס איז אַ לוקסוסבוך און אַ לוקסוס־סיביר... נישט קיין סיביר פֿון קאַטאָרגע, נייערט פֿון דער מיסטעריעזער שיינקייט. (דאָס פֿאַרגלייכןביידע דיכטער איז אַ שליסל צו צוויי שיטות אין דער פּאָעזיע: עסטעטיק און הומאַניסטיק). אָט אַ פּאָר שורות ווי סוצקעווער באַגראָבט זיין טאַטן:

טאַטע, נאָכן שליטן מיט דיין אָרון
נאָכגעלאָפֿן בין איך דיר, כּדי
אָנצוזאָגן ערגעץ דיין זיכּרון
מיט אַ טויב אין בוזעם ווייס ווי שניי.
...נאָר מיין טויב איז דעמאָלט גראָד פֿאַרפֿלויגן
אָוונטזון באַקרוינט מיט ווייסן גאָלד
און אויף צום לעבן מיך געצויגן...

ווי מיר זעען: צוויי דיכטער און ווי אַנדערש!

סיביר איז בכלל נישט פֿרעמד דער ייִדישער פּאָעזיע. לייוויק האָט אים, אַזוי לייוויקיש, אַריינגעברענגט; לאַקיעטשעס סיבירער לידער וואָס זענען נישט קיין דירעקטע טעמעס, נאָר בלויז ווי אַ הינטערגרונט צו זיינע טאַטע־לידער, זענען, פּאָעטיש־אידעיש, נאָענט צו לייוויקן. ביידע האָבן איבערגעלאָזט עפּעס דאָרטן; לייוויק כּלומרשט קלייניקייטן; לאַקיעטש זיין טאַטן. און ווען לייוויק זינגט:

אויף די וועגן סיבירער
קען עמעץ נאָך איצטער געפֿינען

א קנעפל, אַ שטריקל
פון מיינס אַ צעריסענעם שוך.

— מיינט ער נישט די דאָזיקע זאַכעלעך, נייערט די יסורים, די פּיינען וואָס גליווערן עד־היום אין יענעם פאַרשאָלטענעם מקום. מענטשלעכע ליידן לאָזן איבער צייכנס, — אַזאַ סענסאַציע האָבן מיר אַליין איבערגעלעבט, בעת מיר האָבן איבערגעטראָטן די דירה פון דער מאַרטירערין אַנאַ פראַנק. מיר האָבן דאַן באַשיימפּערלעך אַראָפּ־געלייענט פון די ווענט די אַנגסטן, דעם פּחד, דעם צאַרן.

אונדזער דיכטער משה לאָקיעטש איז סיביר טיף אַריין אין געמיט, כאָטש

גערזען נאָכדעם לאָנדאָן און פּאַריז
אויך אַנדערע זוניקע שטעט.
דאָך פאַרטאַיעם די טייגע אין מיר איז,
יעדע נאַכט זי וואַקסט אוים ביי מיין בעט.
„מדרגות"

נישט די טייגע איז אויפגעהיט, קאָנסערווירט; נישט זי האָט געקראָגן ביי לאָקיעטשן אַ פּאָעטישן תיקון, נייערט די ליידן, דאָס אכזריות, די חיהשקייט, די מענטשלעכע פאַרלוירנקייט, דער פאַרצווייפלטער גוראַנגל פון קיום־הנפש. סוצקע־ווערס שיינע דימענטענע וואַרעמע ווערטער לאָזן אונדז קאַלט, לאָקיעטשעס ווערטער פון רויִקייט, פון קעלט — וואַרעמען אונדז אויף... בעת ער ווייזט אָן, — מיר ציטירן דעם פּערז וואָס קאַזדאַן האָט ציטירט, אָבער אין אַן אַנדער כוונה, — בעת ער ווייזט אָן: **„ס'איז טרויעריק, טרויעריק אונדזער מדרגה אָט דאָ אין דער טייגע"**, שטעקט ער אָן אונדז מיט זיין אויטענטישקייט. לאָקיעטשעס דיכטונג איז נישט קיין אַבסטראַקטע דיכטונג, אַ מין ליטעראַריש „זיך־ווױלגיין", נייערט אַ דיכטעריש אַראָפּקייקלען פון זיך אַ שווערן שטיין, ווי ער וואָלט אַ לעבן־לאַנג געהאַט אַ פאַרשטיקטע עוולה אויסצושרייען.

די סעריע לידער איז מער ווי אַ פּאָעטישער קדיש נאָכן דיכטערס געשטאָרבענעם פאָטער. עס איז דער קדיש נאָך די צענדליקער טויזנטער ייִדן, וואָס זענען אַזוי עלנט אויסגעגאַנגען אין די אומענדלעכע פאַרשנייטע טייגעס און אויף וועמענס פאַריתומטע קברים חוליען זאַווערוכעס.

דער „גורל פון אַ קרייז" האָט אָבער אַ צווייטן פּייסאַזש, נישט פון עלנטע קברים, נאָר פון זוניקן עמק, ווו עס שטיפט דעם דיכטערס אייניקל. צי האָט דער פּאָעט, אַ פּערזונקענער אין אַן אַבלות-נאָסטאַלאָגיע, געפונען וואָרט, שטימונג, פאַרב צום נייעם האָפענונגספולן לעבן? זיך באַפרייט פון דעם מייגע-קאָשמאַר?

מיין טאַטע אויף צפון, מיין טאָכטער אויף דרום,
זי אויף טראַקטאָר, — ער אין לאַנד פונעם שליטן,
ניטאָ דאָרט קיין שטיין מער, זיין בערגל איז אָרעם,
און זי העלפט ישׂראלס גרענעצן היטן.

„צפון און דרום"

דאָ קומען מיר צום „קרייז", צום גורל, וואָס איז מרמז אין פאַרשידענע ריכטונגען — אויפן פאַרשלאָסענעם הפקר אין גלות, — צום בליענדיקן ישׂראל; איז אויך משמע — און אפשר אָמבולטסטן — דעם משפּחהדיקן המשך, דעם ביאָלאָגישן, און נאַציאָנאַל-היסטאָרישן זין. דער קרייז ווערט געשלאָסן בעת דער זיידע פּאָעט פירט אַ דיאַלאָג מיטן אייניקל עירד:

שטיי איך פאַר אים, כ'וויל זיך באַנייען,
כאָטש „שלג יש בראש סבא",
ר'ווייזט מיר חרמון באַדעקט מיט שנייען
און לאַכט, — „גם שלג בראש שלך".

„אַ דיאַלאָג"

איז עס אַ דרייפאַכיקע פאַרמאַכונג פון קרייז: צפון—דרום; גלות—ישׂראל; סבא — אייניקל.

ערשט איצט ווערט קלאָר דער קאָמפּליצירטער נאָמען „גורל פון אַ קרייז", — כאָטש עס וואָלט געווען נאָך קלאָרער דער גורל אין אַ קרייז. צו דעם קומט דער פערטער אַספּעקט פון דער שאַפונג, — דער היסטאָריש-פּאָליטישער הינטערגרונט, — אָנהייבענדיק פון דער טייגע-מאַרטיראָלאָגיע ביז דער גאולה-פרייד אינעם ייִדישן לאַנד. אונדז פרייט, אַז דעם דיכטער באַהערשן נייע שטימונגען, צו וועלכע ער

דערגייט מיט נייע, זינגעוודיקע שפּראַכקוואַלן, ווי למשל אין אַזאַ סטראָפע:

אין דרכים פון טאַטעס און ביי ייִדן באַזונדער,
איז — לויט מנהג פון דורות — אַ מצווה צו גיין,
אָבער מאַכן שהחיינו דאַרף מען אויף וווּנדער
ווען די פאָן האָט צעוויקלט אַ קינד גאָר אַליין.

„אין דרכים פון קינדער"

שטעלן מיר דעם סך־הכּל:

די ערשטע לידער־זאַמלונג פון משה לאָקיעטש איז אַ פּאָעטיש איינהערן־זיך, דורך דער פּריזמע פון אייגענע יסורים, אינעם גורל פונעם ייִד, צווישן בייזע מענטשן און קאַלטע לענדער, בעת קאַטאַקליזמען. אָבער זיין סוף־גורל איז מנוחהדיקער אָפּרו און פרייִדיקער שאַפן.

פאַרן דיכטער שטייט נאָך אַ לאַנגער, לאַנגער וועג: פאַר זיין פאָלק — אַ שווערער, שווערער גראַנגל.

1969

באַרווין פּרענקעל / פּאַריז

## משה לאַקיעטש — „מיט שטילן קול"

זיין ערשט ביכל לידער, אונטערן נאָמען „אין גורל פון אַ קרייז", האָט ער פאַרעפנטלעכט אין 1969, פון וועלכן איך האָב געשריבן. ער האָט אָנגעהויבן, אפשר נישט צו שרייבן, נאָר זיך צו באַווייזן, אין דער יִדישער פּאָעזיע, שוין אין אַ געוויסן עלטער (ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1911). אָבער איך גלויב, אַז זיין רעגולערע פּרנסה ווי אַ סטאָליער איז עס געווען די סיבה פון דער „פאַרשפּעטיקונג" אין זין פון פּאָעזיע. ווי באַוווּסט, קאָן מען נישט קאָרמען אַ הויזגעזינד מיט פּאָעזיע, האָט ער אין זיינע „פאַרלוירענע מינוטן", ווי פראַנצויזן רופן עס, געשריבן זיינע שטילע לידער, געשריבן מיט מאַזאָליעדיקע הענט, וואָס זענען מער געווינט צום הובעל, זעג און האַמער, ווי צו דער פען.

אָבער אין אונדזער ליטעראַטור און פּאָעזיע איז ער נישט קיין אויסנאַם (געדענק צו דערמאָנען דעם קדוש, מרדכי געבירטיק, וואָס איז אויך געווען אַ סטאָליער). אויך ביי אים דריקן אויס זיינע סטראָפן די טיפע משפּחה-בונדן. לידער געווידמעט זיין טאַטן, דעם סטאָליער, זיין מאַמע, די פרומע אָפּגעהיטענע, זיין ברודער, זון, אייניקל א. אַנד. אָבער זיי פאַרמאָגן דעם אַראָמאַט פון זשיווּיצע, פּשוט, דירעקט. טייל מאָל אָפילו אויסגעזוכט „מאָדערן", אָבער דאָס איז זעלטן. דער עיקר פאַרמאָגן זיינע לידער אַן עמאָציאָנעלע אָנגעלאָדנקייט, און זיין ווערן איז פול מיט ליבע צום אַרום, צום בוים, צום לעבן. הגם סיבירער וויוגעס און פראַסטיקע צרות זענען אים נישט געווען פרעמד, דאָך גליט אין זיינע סטראָפן אַ גרויסע צאַרטקייט און אַ מין עמך-בטחון.

אין דעם פּרט איז לאַקיעטש פאָלקסטימלעך אין זיין אַרט און זיין פּאָעזיע האָט גאָרנישט מחדש געווען. אָבער עס איז נישט תמיד נויטיק צו זיין אַ נאָוואַטאָר. דער עיקר איז, ווען מען מען פילט, לייענענדיק זיינע לידער, די נויטווענדיקייט און די באַשערונג, וואָס דאָס פּאָעטישע אַרונטערזאָגן (צו זינגער) פון הארצן איז פאַרן מחבר אַ באַדאַרף און ביי משה לאַקיעטשן פילט מען עס:

איך בין אין חדר קיין מאָל ניט געגאַנגען,
מיין וואָרט איז טרוקן ווי אין פעלד אַ דאָרן.
כ׳האָב ניט געטישט ביי זמירות און געזאַנגען,
געבענטשט מיט שוויים מיין ראַזשוקע און קאָרן.

איך בין געוואַקסן מיט דער זאַוויערוכע,
און אויסגעוואָגלט זיך אין צוויי מלחמות.
קיין מאָל ניט דערגאַנגען צו אַ מערכה
צו וויסן פון מגילות און אקדמות...

„אויטאָביאָגראַפיש"

קלאָר, מ. לאַקיעטש איז נישט קיין פאַרגייער, נאָר אַ „נאָכגייער", אָבער פון אַ ריינעם פּאָעטישן מקור, ווי עס זענען עס געווען, למשל, די התלהבותדיקע חסידים. נאָר זיין „רבי" איז געווען זיין טאַטע, דער האָרעפּאַשניק, פון וועלכן ער האָט געירשנט די גוטע פאָלקסטימלעכע טראַדיציאָנעלע מידות און אין דעם גייסט זענען זיינע לידער. אין דעם אַלטן געוועב האָט ער אָבער אויך אַריינגעדרימט זיינע בראַזיליאַנישע מאָטיוון, און אין דעם זין פון עקזאָטיזם, מיט וועלכן אונדזער ליריק איז בכלל רייך, איז פאַראַן ביי אים אַ געוויסע באַנייונג. אונטער די טראָפּיקאַלישע הימלען און געווירבל פון די ריאָ דע זשאַנעירישע, סענסועלע קאַרנאַוואַלן, האָט זיין ליד באַקומען אַ וויבּרירנדיקן אָפּקלאַנג, אפשר מער אין זיין בילדלערישן אַספּעקט, ווי אין זיין לירישן אינטימען רעזאָנאַנס. נאָר אַטמאָספער און ליידנשאַפטלעכער עקסטאַז איז אין זיי פאַראַן ווי אַ ווידער־קול פון דערווייטנס...

כ׳האָב ליב די גרויסע רחבות פון מיין הייסן לאַנד,
וואָס ליגט פאַרפּוצט, ווי אונטער שויב פון אַ וויטרינע.
ווו ווייסע רייכקייט ליגט מיט אָרעמקייט באַנאַנד
און אונטער יעדנס טראָט עס שפּראָצט פון גאָלד אַ מינע...

כ׳האָב ליב דאָס פאָלק, וואָס וויים ניט פון קיין זאָרג און טרויער
און שכנים דראָען זיי ניט קיין מאָל מיט פאַרשניידן.

כ׳האָב ליב דאָס לאַנד, וואָס איז ווי אַ באַבלומטער טויער
פון אַ פאַרגעסענעם, אַן ערדישן גן־עדן...
„כ׳האָב ליב״

אין זיין פּאָעמע „קאַרנאַוואַל אין ריאָ״ איז פאַראַן דער ריטם און די אַטמאָספערע פון דעם קאַרנאַוואַלישן בורלעסק, אָט דעם פאַרשטעלטן פּאַראַדאָקס, וואָס פאַרווישט אַלע קאָנטראַסטן און קאָלירן, די הויט־קאָלירן און עס קומט איינע ווי אין פּרצעס אַ ליד „אַלע מענטשן זיינען ברידער, ווייסע, שוואַרצע, געלע...״ און די פּאָעמע פון דעם אָט קרנאַוואַל פאַרענדיקט מ. ל. מיט פּרצעס אַ ציטאַט : „אויך זיינען פאַראַן ווי פּרצס ר׳ שלמהס / וואָס ווילן נאָך שבת קיין הבדלה ניט מאַכן״. די סיבות פון דעם נישט וועלן מאַכן אַ סוף צום שבת, זענען פאַרשידנאַרטיקע, אָבער די שרעק פאַר דעם האַרטן וואָכעדיקן טאָג פּרוּווט פאַרהאַלטן כאָטש אַ ווײַלע דעם שבת־קאַרנאַוואַל. ביי פּרצן איז עס, ווי אַ פּראָטעסט ; ביי די שוואַרץ־הויטיקע בראַזי־ליאַנער ווי אַ בענקשאַפט צו זייער פאַרלוירענעם גן־עדן... ווייניקער, אפשר, איבער־צייגנדיק זענען זיינע „ישׂראל־מאָטיוון״. זיי דריקן אוים זיין ליבע און וויי, אָבער אין זיי איז מער פאַראַן אַ מין אָפיציעלער ליריזם, אַ חוץ די משפחה־לידער, געווידמעט זיין איניקל און טאָכטער, וואָס זיי ווינען איצטער אין אַ קיבוץ...

זיינס אַ ליד „ממעמקים״ פאַרמאָגט אַ רירנדיקע סטראָפע, מיט וועלכער איך וויל פאַרענדיקן מיין רעצענזיע : „ס׳העלפט מיר מאַמע יידיש, דער אַלטער זילבער־בעכער, / וואָס זאַמלט טראָפּנס צער, ווי טונקל־רויטן וויין, / הויב איך אין מיין שקיעה דעם כוס אַרויף אַלץ העכער / דעם כוס פון צער און פרייד, וואָס איז אייביק און אַליין״.

1976

מאיר קוטשינסקי / סאַן־פּאַולאָ

# פון דור צו דור

משה לאַקיטשעס בוך „מיט שטילן קול", איז איינגעטיילט אין פאָלגנדיקע פּרקים: בראַזיליאַנער מאָטיוון, ישׂראל־מאָטיוון, מיין מאַמע, זכרונות, ממעמקים, עכאָס, מחשבות און דורך „וויוגעס און היצן". בראש פון די לידער איז די הקדמה פון פּראָפ. יודל מאַרק ע"ה.

עס ווילט זיך גלייך נישט מסכּים זיין מיטן אָפּגענוצטן שם־תּואר „שטילן". אַזוי פיל „שטילע געזאַנגען", „שטילע טריט", „שטילע סטעזשקעס". עס איז אַן עניוותדיקע באַקוועמלעכקייט. אויך די הקדמה יודל מאַרקס ליידט פון אַן ענלעכן, פיל געברויכטן און אין תּוך אַנעמישן שם־תּואר: „פּאָעזיע פון געזונטער פּשטות".ביידע טיטלען זענען טאַקע צוגעפּאַסטע, אָבער שוין צו פיל גענוצטע...

אָבער דאָס זענען קלייניקייטן. נישט־קוקנדיק אויף ביידע פּאַרוואָכיקטע טיטלען, האָבן מיר פאַר זיך בלעטער, אויף וועלכע עס שימערירט נאָך דער טוי, איידער שטויב, היץ און ווינט טריקנט אים אויס — די פּאָעטישע שורות דערפירן צום גרונט־קדמון, צום אור־עלעמענט: אייגענע איבערלעבונגען. „שטיל" זענען בלויז די ראַמען; דער תּוכן אין אויפרודעריש.

די ערשטע דריי לידער פון די בראַזיליאַנער מאָטיוון, הגם פאָרמאַטיש קליין, זענען דיכטעריש מיט פּאַרנעס, מיט פילאָזאָפישן שווונג, וואָלטן מיר געזאָגט. פיל־באַשרייבנדיק. אין ערשטן ממש אויסגעשעפּטע כאַראַקטעריסטיק פונעם היגן מענטש:

כ'האָב ליב די פוילקייט און ס'אָפּטע שטילע שווייגן,
די פויקערייען, וואָס צערייסן נעכט די שטילע...

— — — — — — — —

כ'האָב ליב דאָס פאָלק, וואָס וויים ניט פון קיין זאָרג און טרויער
און שכנים דראָען זיי ניט קיין מאָל מיט פאַרשניידן.

„כ'האָב ליב"

דער ריאָער הימל־און האָריזאָנטן־פּייסאַזש איז אַריין פאַרהיימישט אינעם געמיט פונעם פּאָעט:

װען ס'װערט בלאַסער, אָװנט־צייט, איר צונטער רויטער קאָפּ,
שוין אויסגעגניכטערט פונעם שיכּרות, װי פון פיבער —
קריכט זי קריק אין קרעטשמע דורך דער מערב־זייט אַראָפּ
און לאָזט אויפסניי אונדז אין אַ בלינדן חושך איבער.

„די זון אין ריאָ"

אַנדערש איז מיט דער שטאָט. װי אַ קליניקער, אָדער װי אַ קראַנקן־שװעסטער זעט ער װי די שטאָט װערט „צעטרייבערט":

נאָר ים, דער פאַרליבטער, ער קושט אַלץ די ברעגן
װאָס טראָגן אים פּסולת צום לייב, צו זיין ריינעם,
נאָר שטאָט, זי פאַרראַט אים מיט אַלץ נייע װעגן,
איר סם זאָל ניט מיידן ניט אים. און ניט קיינעם.

„גאַסן אין ריאָ"

ס'װערט אַ „ניי־ריאָ":

ס'האָבן נעגערס באַריטן זיין קאַרק,
געװאָלט אים אַלץ העכער באַשװעלן,
היינט איז קיין יִחוס מער זיין דאָ אַ באַרג,
מען שיקט אָפּט זיך טרינקען אין װעלן.

אַפילו די שװימיקע לאָקן פון ים,
װאָס האָבן שטאָטס האַלדז אומגעװיקלט,
װערן באַשוירן, פאַרקעמט מיט אַ קאַם,
דער כּעס װערט פאַרשטילט און צעשטיקלט.

„ניי־ריאָ"

עס זענען בילדערישע, דערציילערישע שורות, באַהויכטע מיט עלעגיע צו די אַראָפּגעוואָרפענע פּאַוועלאַס, ווו עס איז איינגעגעסטיקט דאָס אָרעמסטע און פריי־לעכסטע פאָלק, וואָס אָן אים קען דער קאַרנאַוואַל, דער פאַנטאַסטישער, נישט געמאָלט זיין:

האַלב נאַקעטע פרויען די גופים צעקוועלן,
(אין בייכיקע טענץ ליגט דאָס פייער באַהאַלטן)
און נעגערינס אַלטע, באַהאָנגען מיט קרעלן,
טרוימען צו שטאַרבן אין טאַנץ אויף אַסאַפאַלטן.

„קאַרנאַוואַל אין ריאָ דע זשאַניירא"

דאָ קומען מיר צו די ישׂראל־מאָטיוון. די באַלאַדע וועגן דעם „ונתנה תוקף, וואָס איז אַנטלאָפן פונעם מוסף אום יום־כּיפּור", איז בהלהדיק, דראַמאַטיש, אָנשרעקעוו־דיק; שפּראַכלעך אויפּפראַלנדיק.

לסוף בלייבט פון דעסטוועגן אומפאַרשטענדלעך פאַר וואָס רב אמנונס הימן צום באַשאַפער זאָל אַנטלויפן? עס איז דאָך אַ סברה, אַז גראָד אין יענעם גרויליקן יום־כּיפּור האָט זיך ערשט באַוויזן דער באַשאַפער! אמת, עס איז געווען דער יום־כּיפּור שנת תשל"ד — —

די לעצטע סטראָפע: עס דויערט יום־כּיפּור אַ צייט שוין אָן נעילה / און ס'וויל נישט דער „ונתנה" קריך ווערן תּפילה — די דאַזיקע צוויי שורות זענען — וויכּוח...

אַזעלכע שורות האָבן מיר געהערט פון פאַרשידענע פּאָעטן אין דער מיידאַנעק־עפּאָכע, אָבער נישט בעת דעם יום־כּיפּור־קריג. און גראָד זענען אונדזערע באַוואָרע־נישן נוגע אַ ליד, ביי וועלכן דער פּאָעט האָט אָנגעגורט זיינע לענדן... דאָ איז דער דיכטער פאַרפירט געוואָרן פון זיין וואָרט־און־ריטעם־שפע... אַ שפע וואָס שפּרודלט אויך אין זיין „קומען וועט דער טאָג", ווו די לעצטע סטראָפע באַאיינדרוקט, אָן ספק, דעם לייענער:

ס'איז גורל! מיינער, דיינער, אונדזערער, און יענעמס,
דאָך מיר אַליין נישט ראוי זיינען פאַר אַ קרבן.

כאָטש יעדן טאָג עס כּפלען זיך נאָך די גיהנומס,
דאָך קומען וועט אַ טאָג וואָס איז נאָך ניט געשטאָרבן.

לאָקיעטש איז שוין לאַנג אַרויס פון דער עקספּערימענט-סטאַדיע און מיר האָבן אַ רעכט צו פאַרלאַנגען אַז קיין שום שורה, אפילו אַ וואָרט, זאָל נישט צעברעכן די שלימות פון געדאַנק און פון דער שטימונג. די לידער זאָלן נישט האָבן קיין שוועלן, קיין טרעפּן...

אָבער, נישט קוקנדיק אויף די דאָזיקע קליינינקע שטרויכלונגען, פאַרלירט זיך נישט דעם דיכטערס קראַפט, וועלכע גלעט אונדזער געמיט. אַ געמיט פון פרייד און טענה.

אייגנטלעך זענען עס די זעלבע סתירותדיקע געפילן פון זוניקן בראַזיל און זיינע פאַרחושכטע בירגער. אדרבא: אין די בראַזיליאַנישע מאָטיוון, ביי זיין גאַנצער פאַרכליניעטקייט, איז דער דיכטער דאָך נאָר צוקוקער, אַ באַוווּנדערער, בעת די ישׂראלדיקע מאָטיוון, זענען זיינע אייגענע: ווי אין דיין ליד / פון של זהב / האָסט ניט קיין לאַוו! דיין לאַנד איז קליין / דיין גייסט איז גרויס / אַליין, אַליין / הייבסט זיך אַרויס.

לאָקיעטש מייסטרעוועט אין ברייטע שורות און אין קורצינקע. טאַקע דאָס דאָזיקע ליד „דו ביסט" איז טעכניש-שפּראַכלעך אַן אויפטו.

קומען מיר צו דעם פּיעטעטפולן קאַפּיטל „מיין מאַמע". מיר דערמאָנען זיך אַז אין לאָקיעטשעס ערשטער זאַמלונג „דער גורל פון אַ קרייז" האָט אַרומגעשוועבט די נשמה פון זיין טאַטן, וועמענס קבר איז אויסגעהאַקט געוואָרן אין אייזיקן סיביר. אין זיין ערשטן בוך קריגט די מצווה כּיבוד-אָב אַ תּיקון און דאָ די מצווה פון כּיבוד-אם. די מאַמע, וואָס בלויז מיט איר זיין „איז יעדער יום טוב פול געווען מיט יום טוב"! אַ ים מיט דיכטערישער גוטסקייט ליגט אין דער דאָזיקער גוטסקייט, ליגט אין דער דאָזיקער הערלעכער שורה! דאָס הייסט נישט אַז עס איז אַ יום-טובדיק ליד. ניין. ווי יעדער עכטער פּאָעט איז דער יסוד פון זיין שאַפונג טרויער. אייגענער, משפּחהדיקער, און נאַציאָנאַלער.

ביי לאָקיעטשן אין עס נישט „טעמע", נייערט צער, בענקשאַפט, צוריק-באַהעפטונג. און מיר פילן מיט בעת מע לייענט:

פאַרוואָס מוז יעדע פרייד סוף אויסגיין אין אַ טרויער?
פאַרוואָס מוז דווקא טרויער נאָר תמיד זיין דער סוף?
פאַרוואָס ליגט דינאַמיט אין פונדאַמענט דער בויער?
פאַרוואָס וועלקט איין די פרייד און נאָר טרויער וואַקסט לרוב?
„עצבות"

און אַזוי שלאַנגלט זיך אַרויס פון דער סעריע זכרונות, פון די משפחה-לידער דער צאַרטער סילועט פונעם מחבר. און נישט בלויז פונעם מחבר, נאָר אויך פון זיין דור. אַן עטישער און געלייטערטער. איז דאָס גאַנצע בוך צניעות און ווייטיק איינגעראַמט אין צאַרט-מוזיקאַלישער דיכטונג. נישט בחינם האַלט ער זיך אָן אין האַלקינס ניגון, נאָר מיט זיינע אייגענע ווערטער:

„דו מיט אים צוויי ברידער שטילע —
דו דער קדיש, ער די תפילה...

עס איז אַ המשך פון די „טיפע גריבער, רויטער ליים". די זעלבע שטימונג און די זעלבע מוזיק:

דרייסיק יאָר דו לעבסט זיין טרויער
פון דער רויטער געטאָ-מויער,
איצטער בליען דאָרטן בלומען
און די גאַסן גוייִש שטומען.
"דרייסיק יאָר"

מיר האָבן נישט מיט אונדזער באַשיידענער אַרבעט באַלויכטן דאָס גאַנצע בוך, וואָס איז קליין אין פאָרמאַט, אָבער גרויס און טיף אין זיין קלאַנג און אָפּקלאַנג, אין זיין שטימונג און אָפּהילך. דער לייענער לייענט די לידער, ווי זיי וואָלטן געווען אַדרעסירט צו אים...

אברהם לעוו

# „גורל פון אַ קרייז"

צוזאַמען מיטן בוך לידער „גורל פון אַ קרייז" וואָס איז צו מיר דערגאַנגען דורך לופטפּאָסט, איז אויך אָנגעקומען די מעקסיקאַנער „יידישע צייטונג" און דאָרט האָב איך געלייענט אַ שילדערונג פון „גרויסן יום־טוב לכּבוד דאָס דערשיינען פון משה לאַקיעטשעס בוך". חוצן געוויינלעכן עולם זענען געווען דאָרטן חשובע געסט פון די פאַרשידענע קולטורעלע יידיש־קרייזן, שרייבער, קריטיקער ועל כּולם דער ישׂראל־אַמבאַסאַדאָר י. הרכּבי, וואָס האָט אפילו געהאַלטן אַ רעדע ביי דער געלעגנהייט צום דערשיינען פון אַ יידיש בוך.

און עס ווערט דאָרט דערציילט וועגן אַ רייך־סערווירטן טיש און וועגן אַ קינסטלערישן פּראָגראַם, ווי עס פירט זיך ביי אַזאַ פייערונג. הכּלל אַ גרויסע פרייד האָט דאָרט געהערשט אַרום אַ נייעם בוך לידער פון אַן איינגעוואַנדערטן ייד קיין בראַזיל, איצט אַ תּושב, אַ דאָרטיקער.

דורכלייענענדיק די באַשרייבונג פון דער גרויסער שׂמחה, איז מיר דווקא געוואָרן אומעטיק. ווייל איך ווייס, אַז נאָכן צעגיין זיך פון יום־טובדיקן עולם, נאָכן אויסלעשן די לאָמפּן אין זאַל, איז אויך אויסגעלאָשן געוואָרן דער אינטערעס אַרום דעם בוך לידער. ווער נאָך ווי מיר יידישע שרייבער ווייסן, אַז די שׂמחה אַרום אַ ניי־דערשינענעם בוך איז אַן אויבן־אויפיקע: עלעהיי מען קומט זיך צונויף און מען פאַרברענגט צוזאַמען אַן אָוונט. דאָס בוך — נאָך דעם ווי מען צעשיקט די אומזיסטע עקזעמפּלאַרן צו פריינד, צו רעדאַקציעס — בלייבט ליגן ביים מחבר, צי ביים פאַרלאַג אויף די שטויביקע פּאָליצעס און ווערט פאַרגעסן. ווו ווערן נעלם די אַלע וואָס קומען, כּלומרשט, אויסגעהונגערט נאָך אַ יידיש וואָרט? פאַר וואָס ווילן זיי נישט אַריינשטעלן אַ יידיש בוך אין זייערע פּאָליצעס?

אָבער דאָס זענען אַלץ זייטיקע מחשבות, וועלכע מאַטערן אַ יידישן שרייבער, לייענענדיק וועגן די רייכע מסיבות און פעטע רעדעס וואָס ווערן געהאַלטן אַרום אַ שרייבערס אַ בוך. עס האָט לחלוטין קיין שייכות נישט דווקא מיט דעם פאַל בראַזיל, נייערט אַזוי פירט מען זיך אין ניו־יאָרק, אין פּאַריז, צי תּל־אביב.

מיר איז דער נאָמען משה לאַקיעטש געווען כּמעט אומבאַקאַנט. איך שרייב

„כמעט“, ווייל איינצלנע לידער זיינע האָב איך געטראָפן לעצטנס אין פאַרשידענע צייטשריפטן. געוווּסט אַז אין ווייטן בראַזיל פּיקט זיך אַ דיכטער. ווער איז ער, ווי אַלט איז ער?

איצט, האָבנדיק דאָס בוך „גורל פון אַ קרייז“, לייענענדיק ח. ש. קאַזדאַנס אַריינפיר, פאַרטיפנדיק זיך אין די לידער, האָט צו ביסלעך זיך אויסגעקלאָרט פאַר מיר די געשטאַלט פון דיכטער. פון קאַזדאַנען דערוויסן מיר זיך, אַז משה לאָקיעטש איז „פון פאַך אַ מעבל־אַרבעטער, איז ער אַזוי פאַרבליבן זיין גאַנץ לעבן“. נאָך שרייבט קאַזדאַן: „ער איז געווען פאַרשיקט בעתן לעצטן וועלטקריג אין די סאָוויעטישע לאַגערן אויפן ווייטן צפון. דאָרט אין די טייגעס געהאַקט וועלדער, געזעגט ברעטער, געפלאָכטן טראַטוועס“.

און ווייל דער מחבר האָט צונויפגעשטעלט זיין לידערבוך אַזוי, אַז עס לייענט זיך ווי אַ טאָגבוך, איז מיר קלאָר געוואָרן נאָך ביאָגראַפישע פּרטים, וועגן זיינע איבערלעבונגען אין סיבירער פאַרשיקונג, וועגן זיין טאַטן וואָס איז אומגעקומען אין דער טייגע, מיר דערוויסן זיך פון זיין באַזעצן זיך אין בראַזיל; פון זיינס אַ נסיעה קיין מדינת־ישׂראל, ווו ער באַזוכט זיינע קינדער, ער איז שוין אויך אַ זיידע. אַלץ רופט אַרויס ביי אים אַ שטימונג און די שטימונג געבוירט אַ ליד.

ווען אַנדערע דיכטער אין די יאָרן גיבן שוין אַרויס זייערע „כּל כּתבֿי“, האָט מ. לאָקיעטש אַרויסגעגעבן זיין ערשטלינג. זעלטן ווען מען הויבט אָן דיכטן אַזוי שפּעט, אָבער אויסנאַמען זענען פאַראַן און לאָקיעטש איז איינער פון זיי.

איך ווייס נישט וואָס פאַר אַ פּאָעטישע שול דער דיכטער האָט דורכגעמאַכט, אָבער די שול פון פּיין, יסורים, עלנט און וואָגל איז ער יאָ דורכגעגאַנגען און זיי האָבן עס דערוועקט אין אים די פּאָעטישע סטרונע, וואָס איז ערגעץ געלעגן פאַרבאָרגן אין זיין נשמה; די שווערע און ווייטאָגדיקע איבערלעבונגען האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין ווערטער און אין קרעפטיקע שורות, רייפע צייטיקע ווי גאַרנישט פון קיין אָנפאַנגער. אָט איז אַ פּערז פון ערשטן ליד מיט וועלכן דאָס בוך עפנט זיך. דאָס ליד „אין טייגע“ דערציילט וועגן שווערן פאַרהאָרעוועטן לעבן פון מחבר אויף די סיבירער פּליינען און וועלדער:

מיט שטריק דורכן אַקסל, געקאָוועט אין שליטן,
אַ צעקאָלטנטע וויוגע — און איך אין דער מיטן,

איר ווירבל צעדריוולט, צעשטופּלט די שליאַכן,
די גלעזערנע הימלען צעבראָכענע קראַכן. — — —
איך האָב דיינע גלידער פּאַראַליזירט און מאַכיק,
סיי ווינטער, סיי זומער — מיין גורל דאָ קנאַכיק.

פון אָט די שורות גייט־אויף פאַר אונדז אַ בילד פון דעם מידן און עלנטן מאַן אין דער ווירבלדיקער סיבירער ווינטער. דאָס בילד בלייבט שוין אין אונדז שטעקן. דאָס איז דער מאַגישער כּוח פון פּאָעטישן וואָרט, וואָס לאָזט אונדז נישט גלייכגילטיק, נייערט בווערט זיך אַריין מיט גאָר זיין קראַפט אין לייענערס דמיון.

לאָקיעטש איז דערגאַנגען צו זיין פּאָעטישן וואָרט אין זיין רייפן עלטער, דורכמאַכנדיק אַ לאַנגן פיינפולן וועג, וואָס פירט געאָגראַפיש פון דער וואַרשעווער געטאָ דורך צפון־רוסלאַנד ביז בראַזיל, ווו ער באַזעצט זיך אין ריאָ־דע־זשאַניירא. דאָרט קומט ער כּלומרשט אל המנוחה, אָבער דאָ שטייען אויף „תחית המתים" אַלע שווערע איבערלעבונגען, וועלכע דער מחבר האָט דורכגעמאַכט אין זיינע וואָגלענישן: הונגער, מידקייט, קעלט, דעם טאַטנס טויט אין סאָוויעטישן צפון (אגב, דאָס בוך לידער איז געהייליקט זיין טאַטנס אָנדענק). אָט די ביטערע טעג זוכן קינסטלערישן תּיקון, זוכן וואָרט און אויסדרוק, זיי נורטעווען אין אים, אַזוי לאַנג, ביז מ. לאָקיעטש נעמט זיך צו דער פען און דער סך־הכּל: „גורל פון אַ קרייז".

אונטער די לידער איז נישטאָ קיין דאַטעס. שווער פעסטצושטעלן ווען לאָקיעטש האָט אָנגעהויבן שרייבן פּאָעזיע. פון די איינציקע דאַטירטע לידער זעט מען, אַז גאָר דאָס פּריסטע ליד איז אָנגעשריבן געוואָרן אין ניינצן ניין און פערציק, אַלזאָ מיט צוואַנציק יאָר צוריק, שוין נאָכן באַזעצן זיך פון דיכטער אין בראַזיל. וועל איך ברענגען דאָ דאָס קורצע כאַראַקטעריסטישע ליד, וואָס שפּיגלט אָפּ דאָס געמיט פון מחבר אַריינקומענדיק אין זוניקן ריאָ־דע־זשאַניירא:

„אין לענדער נייע, מיט זון־פאַרגאָסענע,
מיר קומען, אין טרויער, ניט געלאָשענע —
פון היימען ווייטע, אין אַש געבליבענע,
דורך פינצטערע גורלות געטריבענע.

מיר — אין פיינען דורכגעאַקערטע,
און דורך פלאַמען ניט דערפלאַקערטע;
קיין קדושים ניט דערגאַנגענע,
דאָך איבער אָפּגרונטן געהאַנגענע.

„פליטים־גאַנג"

דאָס איז דעם דיכטערס קורצער סך־הכל פון דער שארית־הפליטה, וואָס האָט זיך צעשפּרייט איבער לענדער, זוכנדיק אַ שטיקל מנוחה נאָך דעם ווי מען האָט ביזן דעק אויסגעטרונקען דעם פולן לאָגל פּיין. אָבער אויך אין יענע פרייע לענדער פילן זיי זיך ווי „איבער אָפּגרונטן געהאָנגענע". ווייל די גרויל־קאָשמאַרן קענען נישט פאַרשווינדן.

אַמשטאַרקסטן איז מ. לאַקיעטש אין זיינע ריין יחידישע לידער, געלייטערטע דורך דער פּריזמע פון די אייגענע יסורים. דאָרט ווערט זיין וואָרט קלאָר, געפינט אַפילו אַן אייגענעם אויסדרוק. אויך מוזיקאַלישער ווערט די שורה. על פּי רוב פעלט מוזיקאַלישקייט אין לאַקיעטשעס ליד. ער דאַרף זיך מער איינהערן צום אייגענעם ריטעם פון געמיט. מיט דער צייט וועט געוויס דאָס אויך קומען.

אַוודאי איז די יידישע דיכטונג אַ סך ווייטער אַוועקגאַנגען, זי איז אויסגע־ברייטערט און פאַרטיפט געוואָרן, אַ שפּראַך־רייכקייט און אידעען־רייכקייט, נייע אויסדרוקן, גראַם־דערפינדונגען, פאַרטיפטע וויזיע און דיכטערישע זעונג. אַנטקעגן די פאָעטישע רייכטימער, וועלכע מיר פאַרמאָגן איז אפשר לאַקיעטשעס בוך לידער בלאַס. אָבער ווען מען לייענט זיך אַריין אין „גורל פון אַ קרייז" זעט מען ווי ער דערציילט אין זיין ליד דעם ווייטאָקדיקן וועג, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט, אָן מליצה, אָן שפּראַכלעכע קונצשטיק, קיינעם נישט נאָכגעמאַכט און נישט גענומען פון הפקר, נייערט פון אייגענעם ווייטאָג אַרויסגעשלאָגן. אים לאָזט זיך נישט פאַר־געסן די סיבירער טייגע, דער טויט פון זיין טאַטן; דאַן ווען ער האָט שוין אפילו די פרייד פון זאַטקייט; פון אייניקלעך אין ישראל. און אַזוי דערציילט ער אונדז אין זיין ליד:

„כ'קלויב מיינע ווערטער, ביים פאַלן פון שפּענער,
קלאַנג זייער מעסט איך, ביים רויש פון מאָטאָרן.

כ׳שליף מיינע שורות אוים גלאַטער און שענער
און ס׳פרייט מיך אַ זילב, ווי שאַנק וואָלט געוואָרן״.

„מיין ייִדיש״

דער לייענער לייענט דאָס ליד פון מעבל־סטאָליער און פּאָעט און דערפילט די ערלעכקייט פון זיין וואָרט. דאָס אַליין איז אַ הויכע מדרגה.

1970

מ. סדן קאָוואַדלאָ

# פון דער טייגע ביזן פּאַלמע־לאַנד

דאָס לידער־בוך פון משה לאָקיעטש „גורל פון אַ קרייז" האָט צען ציקלען: טייגע־לידער, מיין טאַטע, צעשפּאָלטענע רגעס, בראַזיל, אויף ישׂראל־ערד און נאָך אַנדערע.

פאַר וואָס „גורל פון אַ קרייז"? אפשר איז דאָס אַ סימבאָליש דיכטערישע באַצייכענונג פאַרן גורל פון אַ פאָלק, אַזוי ווי די לידער שפּיגלען אָפּ דאָס לעבן פון אַ יחיד, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן כּלל אין די לעצטע 30 יאָר?

נישטאָ אין משה לאָקיעטשס לידער דאָס דינאַמיש באַוועגלעכע, דאָס ריטמיש זינגעוודיקע, נאָר גיכער אַ שווער געזאַנג. אַ שווער שפּאַנען, ווי די טריט פון אַ האָלצהעקער אין אַ וואַלד, אַ געזאַנג באַגלייט מיט טרויער און בענקשאַפט. דער דיכטער איז אַ תּלמיד פון דער עלטערער ייִדיש־העברעיִשער שירה. דער לירישער טאָן זיינער איז סוביעקטיוו און אָפן.

נישט פאַראַן אין זיינע שירים פון דער טייגע קיין געקירצטע אבסטראַקציע. די פערזן ווירקן עסטעטיש און באַגלויביק, אָפט ווי תּפילות:

מיין טאַטע האָט גערעדט צו גאָט דורך תּפילות
און איך פּרוּוו עס טאָן מיט לידער.

שוין אין ערשטן ליד, „אין טייגע", ווערט מען פאַרכאַפּט פון קרעפטיקע אויסדרוק־מעגלעכקייטן. די טייגע־לידער צייכענען זיך אוים מיט אַ שפע בילדערישקייט און פילפאַרביקייט. דאָס וואָרט פאַרמאָגט ביי לאָקיעטשן אַ גבורהשאַפט און גלייכצייטיק איז עס איינגעהילט אין אַ ליריש געזאַנג מיט טיף ייִדישע אַסאָציאַציעס, אין אַ היימישן ייִדיש. נישט געקוקט אויף דער עבודת הקאַטאָרגע אין די רוסישע טייגעס. אָט ווי דער דיכטער זעט די טייגע:

מיט שטריק דורכן אַקסל, געקאָוועט אין שליטן,
אַ צעקאָלטנטע וויגע — און איך אין דער מיטן.

איר ווירבל צעדריוולט, צעשטופלט די שליאַכן,
די גלעזערנע הימלען צעבראָכענע קראַכן.

אַזוי ווי די אַלטע רוסישע קאַטאָרגע־לידער פון אייביקן צפון־וואַלד, וואָס קלינגען און קלאָגן מעכטיק און טיף, אַזוי איז דאָס טייגע־געזאַנג פון דיכטער, ביז דער אָפּקלאַנג דערגייט צו אַ בת־קול, שטילער היימישער אינטים און ווערט ייִדישלעך:

קורץ איז דיין אויפגרין — אַ ברכה אַ הייסע,
פּאָר תּפילות געהילטע אין שניי פון טליתים.
„די טייגע"

די בילדער פון דעם טייגע־ליד זענען ווי אויסגעהאַקט אין גראַניט. זיי רופן זיך איבער מיט פּערזן ווי ביי א. שלאָנסקי ווו די „שאָסייען וויקלען זיך ווי רציעות פון תּפילין". אַסאָסיאַציעס וואָס מאַכן ווייכער די האַרטע ווירקלעכקייט. דער דיכטער האָט אַ שאַרף אויג. מחמת די געזעענע בילדער האָבן זיך אים איינגעקריצט אין זכּרון. ער קען נישט פאַרגעסן „אַ נאַכט אין קאָטלאַס", אַ שטאָט, זאָגט ער אין אַ ראַנד־באַמערקונג — ווו עס זענען דורכגעגאַנגען אַלע פאַרשיקונגס־טראַנספּאָרטן צום וויטן סאָוועטישן צפון.

אין דער „נאַכט אין קאָטלאַס" שרייט ער אויס מיט אַ זעלטענער שפּראַך־עשירות, אין ברייטע פּערזן, שטרענג געגראַמט, די יסורים פון די געפּייניקטע, די פאַרקנעכטע ייִדן, פאַרשיקטע אין וויטן צפון.

די לידער, וואָלט איך געזאָגט, זענען ווי אַלטע באַלאַדעס פון פאַרגאַנגענע צייטן, פון אַ לאַנד ווו עס האָט געהערשט אַן אכזריותדיקער מלך.

אָבער מען כאַפּט זיך, אַז דאָס איז נישט קיין באַלאַדע וואָס די צייט האָט געפונען און וואָס איז אַריבערגעגאַנגען פון דור צו דור, נאָר אַן אומברחמנותדיקע ווירקלעכקייט. אַ קאַפּיטל וואָס געהערט צו אונדזער נייסטער געשיכטע און וואָס עס ווערט איבערגעגעבן פון אַ ייִד, וואָס האָט דאָס ביטערע לעבן אַדורכגעלעבט און מיט זיין קינסטלערישן טאַלאַנט עס אויסקריסטאַליזירט.

און ווען ס׳ווערט פונעם וואַלד אַ גרויסער בית־עלמין,
מיט לאַנגע ארונות באַדעקטע מיט שניי,
גייט יעדער אַהיים, ווי אַן אבל, אַן אלמן,
וואָס גייט פון אַ קבורה אין אומעט, אין וויי.
ס׳איז טרויעריק, טרויעריק אונדזער מדרגה
אָט דאָ אין דער טייגע.

„וואַלד־העקער״

יעדע שאַפונג האָט אין זיך אויטאָביאָגראַפישע עלעמענטן. איז אויך נישט קיין חידוש, וואָס אויטענטישע פאַקטן האָבן זיך אין אונדזער פאַל פאַרוואַנדלט אין קינסטלערישער יצירה.

יאָרן שפּעטער, שוין לעבנדיק אין בראַזיל, האָט דער דיכטער זיך נישט באַפרייט פון דער טייגע. משמעות, טראָגט ער די טייגע מיט זיך. וואָרעם דאָרט ווו מען לאָזט איבער אַ שטיק לעבן און אַ טויטן טאַטן, נעמט מען דיליידן מיט מיט זיך. אַנטהאַלט טאַקע דער ציקל לידער: „מיין טאַטע״ גאַנצע צען לידער וועלכע גיבן אַן אינטימן קינסטלערישן תיקון פון יחיד וואָס איז חל פאַרן כּלל.

אָט וואָס משה לאַקיעטש דערציילט אין זיין קורצער באַמערקונג צו „די באַלאַדע פון מיין טאַטן און זיין באַפרייאונגס־שיין״: „מיין טאַטע איז באַפרייט געוואָרן פון פאַרשיקונג אויפן סאָוויעטישן צפון, און באַלד דערנאָך געשטאָרבן. כ׳האָב אים דאָרט באַערדיקט און פון אים מיטגענומען, דעם איינציקן אָנדענק — זיין באַפרייאונגס־שיין״.

לאַנג דערנאָך, ווען דער דיכטער געפינט זיך ערגעץ אין בראַזיל גייט ער נאָך אויף „קבר־אבות״.

אין דמיון כ׳בין היינט דורכגעלאָפן,
פון וויטן לאַנד מיין טאַטנס גאַנג.
און זיינע טריט איך האָב געטראָפן,
כאָטש ער שפּאַנט מער ניט דאָרט שוין לאַנג.

„אין דמיון״

און ער זאָגט „יזכור" אין דער שטאָט ריאָ. און נאָך אַלעמען, לעשט זיך נישט אויס זיין „בענקשאַפט" צו „טאַטע מיינער, ווייט אין העק פאַרשנייטן".

אין זיינע לידער פילט מען דאָס קלאַפּן פון דופק פון אונדזער צייט און, פון יידישן האַרץ, מיט אַלע ציטערנישן און האָפענונגען, וואָס אונדזערע טעג ברענגען מיט זיך מיט. דאָס דריקט זיך אויס אין זיין לידער-ציקל „יידיש" און דער עיקר אין די לידער „אויף ישׂראל-ערד" און אפילו אין די סוביעקטיווסטע לידער זיינע ווי, „צעשפּאַלטענע רגעס" ווו משה לאַקיעטש פילט די אחריות פאַרן קיום-האומה.

מיט באַוווּנדערונג און נחת-רוח, ליבע און ציטער, זינגט דער דיכטער „אויף ישׂראל-ערד". למען-האמת מוז מען זאָגן, אַז זיי שטייען ניט אויפן זעלבן קינסטלערישן ניוואָ ווי די טייגע-לידער. מעגלעך דערפאַר, וואָס צווישן דער תקופה פון ווייטן צפון און דער היינטצייטיקער ישׂראל-טעמאַטיק, ליגט אַ צייט-מרחק פון איבער אַ פערטל יאָרהונדערט. און די ישׂראל-פּראָבלעמאַטיק איז ברענענדיק אַקטועלער, כאָטש דאָ און דאָרט איז פאַראַן אין די ישׂראל-לידער פילפאַרביקייט און שמייכלענ-דיקער נחת-רוח.

שיין זענען אויך די לידער „ווו זענען די ניסים?" דאָס ליד איז אַ תפילה צום בורא עולם. דערפאַר איז דאָס ליד „צוויי ברידער" איינס פון די שענסטע געדיכטן אין ציקל „אויף ישׂראל-ערד".

1970

פייוול זיגעלבוים / תּל־אביב

# דער דיכטער משה לאָקיעטש

דעם דיכטער **משה לאָקיעטש** פון בראַזיל, מיט זיין עזר כּנגדו **אסתּר**, טרעפן מיר דאָ יעדעס יאָר. זיי קומען שטילן זייער בענקשאַפט נישט נאָר צום לאַנד פון די אָבות, נאָר אויך צום לאַנד פון זייערע קינדער און אייניקלעך.

דער עמאַציאָנעל לירישער פּאָעט **משה לאָקיעטש** איז אַ מחבר פון צוויי ביכער פּאָעטישע שאַפונגען און פון אַ סך געדרוקטע לידער אין פאַרשידענע אויסגאַבעס, חוץ די צוויי ביכער. ביי אַלע זיינע באַזוכן אין לאַנד האָט ער קיין מאָל נישט געזאָרגט ס׳זאָל זיין ווערגן אים אַ נאָטיץ אין דער פּרעסע. ווייל ער איז שעפעריש און קולטור־געזעלשאַפטלעך טעטיק מיט אַ „שטילן קול". ווי דער טיטל פון זיין צווייט בוך. זיין איינפאַל, פאַרטראַכט און שורה איז אָריגינעל, ווי ס׳איז אָריגינעל זיין אויפפירן זיך. האָט דאָס געדעכעניש פון ווייטן אַמאָל אויפגעוועקט אין מיר נאָסטאַלגיע מיט אָט דער שורה: „באַשעלע בעט זיך באַבעשי ברעג מיר בלימעלעך, בלעטעלעך, באַרנדלעך פון בוים".

די דאָזיקע שורה איז נישט זיינע, זי איז אויך נישט קיין פּאָעטישע אַליטעראַציע, נאָר אַן אַרטיקולאַרע שטים־איבונג־שורה אויפן אות „ב": —

אין צימערן פון פאָלקס־אוניווערסיטעט ביי דער קולטור־ליגע אין וואַרשע, אויף קראָכמאַלנע 36, האָבן סטודיאַנטן פון דער יידישער טעאַטער־סטודיע געשליפן זייערע יונגע שטימעס מיט שורות אויף יעדן אות פון אלף־בית. איינער פון די שטים־שלייפערס איז געווען דער שרייבער פון די שורות. אין אַנדערע צימערן, האָבן תּלמידים געשליפן זייערע מוחות בהלכות ליטעראַטור־קענטעניש אויפן סעמינאַר פאַר יידישיסטיק. איינער פון די סעמינאַריסטן איז געווען דער איצטיקער פּאָעט פון ריאָ דע זשאַנייראָ משה לאָקיעטש. ווייזט אויס, אַז דער ניגון פון אַ מאָל, דער פאַרשטומטער קלאַנג פון „באַשעלעס" געזאַנג, האָט זיך פאַרנאַפּלט אין דיכטערס זכּרון. זאָגט ער עס אַרויס מיטן זעלבן רעטשיטאַטיוון טאָן ווי מיר אַ מאָל. די וואַרשעווער **באַשעלעך** מיט די באַבעשים, מיט זייערע לעבנס און חלומות זענען מער נישטאָ...

איז גוט צו הערן זייער עכאָ. איז גוט צו זען דעם דיכטערס אייניקלעך, די סאַברעלעך, די ישׂראלדיקע באַשעלעך, וואָס זענען אַ חסד־ליכט פון אַ באַניטער וואָר, וואָס ברענגט די עלטערן קיין ישׂראל. ס'איז דער „גורל פון אַ קרייז". ווי עס רופט אָן דער מחבר זיין ערשט לידערבוך, וואָס איז אַרויס אין „ציקאָ־ביכער־פאַרלאַג" ניו־יאָרק, 1969, מיט אַן אַריינפיר פון ח. ש. קאַזדאַן.

משה לאַקיעטש איז געקומען צום יידישן ליד מיט ליטעראַטור־קענטעניש, מיט טאַלאַנט און מיט אַ ראַפינירטן חוש פאַר דער קאָנדענסירטער, פּאָעטישער שורה, מיט אַן אייגענעם לירישן טאָן און מיט געטרייע, מאַזאָליעדיקע הענט. אַ סטאָליער־אַביטוריענט פון וואַרשעווער „אָרט", האָט ער דאָס רוב יאָרן זיינע געשניטן דאָס פלייש פון האָלץ, מיט זעג און הובעל. די מוזיק און ריטעם פון דער זעג און די האָלץ־ריחות אָטעמען ביז היינט אין זיין ליד. איז לאָמיר ברענגען זיין ליד א. נ. „אויטאָביאָגראַפיש" וואָס איז געווידמעט זיין איינציקן ברודער מאָטל, און זאָל עס רעדן פאַר זיך:

איך בין דער גרויער פלעק אין מיין משפחה,
— פון אַדלליט, חריפים און למדנים, —
איך בין דער גרויער פּגם — דער בעל־מלאכה —
וואָס האָט מאַזאָליעס שטאָט אַ הדרת־פּנים.

איך בין די פויסט האַרטהויטיק אויסגעהאַמערט,
וואָס הובלט אַלץ נאָך ברעטער פול סענקאַטע,
זיך קיין מאָל אין וויכּוחים ניט געקלאַמערט,
און ניט געטעמט קיין מאָלצייטן קיין זאַטע.

איך בין אין חדר קיין מאָל ניט געגאַנגען.
מיין וואָרט איז טרוקן, ווי אין פעלד אַ דאָרן.
כ'האָב ניט געטישט ביי זמירות און געזאַנגען,
געבענטשט מיט שוויים מיין ראַזוווקע און קאָרן.

איך בין געוואַקסן מיט דער זאַוויערוכע,
און אויסגעוואָגלט זיך אין צוויי מלחמות.

קיין מאָל ניט דערגאַנגען צו אַ מערכה
צו וויסן פון מגילות און אקדמות.

כ'בין גרויהאָריק און פון דער זון פאַרשׂרפעט,
דורך וויוגעס און דורך היצן טראָפּיקאַלע.
אָן מצוות, אָבער אויכעט ניט פאַרטרפעט.
מיט שבת, כאָטש אָן אַ לקראת־כּלה.

כ'בין ניט געווען קיין יורש פון ירושות,
געירשנט בלויז דעם אמת פון מיין טאַטן,
געשווירן קיין מאָל געבן אים קיין בושות
און קיין מאָל מיין משפחה־יחוס שאַטן.

נישט קיין פּגם און נישט קיין פלעק, נאָר אַ ברכה זענען די צעאַדערטע, שטילע הענט וואָס האָבן געפונען אַ פּאָעטישן תיקון פאַר זייער פראַצע און מאַזאָליעס.

ווירקן זיינע לידער מיט זייער אוממיטלבאַרער פּשטות, מיט דער געצוימטער לעקסיק אָן פּאָעטישע געווירצן און זינגען זיך אַריין איינעם כאָר פון דערהויבענער פּאָעזיע וואָס באַרויִקט דעם לייענער מיט זייער אומרו. דאָס איז דעם פּאָעטס סטימול, זיין גורלדיקע באַשערטקייט. דערצו איז ער געבוירן. די באַשערטקייט פאַרזיווּגט מיטן פּאָעטס אַנטענע אויפצונעמען דעם אַרום וואָס רייצט זיין כּוח צו שעפערישער דערקענטעניש. זיין האַרצקוואַל ווערט קוואַליקער, זיין געפיל־לאַבי־רינט — פילעוודיקער, זיין דמיון — בילדעריש דמיונדיקער, זיין זע־כּוח ווערט זעעוודיקער, שפירעוודיקער. ווי אינעם האַרצקנופּ פאַרבינדן זיך דאָ אַלע שעפערישע בלוט־אָדערן אינעם ריטמיש־מוזיקאַלישן אויסלאָד דורכן צימצום פון וואָרט.

זיין שלל ווערטער האָט זיך אָפּגעריסן פון אַנקער, ווי ער זאָגט דאָס אין אַ ליד, זיך צעשטעלט אין שורות, סטראָפן, אַריינגעסדרט אין „גורל פון אַ קרייז”, „מיט שטילן קול”. איז כּדאַי זיך אַריינצוליינען, דערגיין צו דער דערקענטעניש פונעם דיכטערס עמאָציאָנעלן אויסלאָד פון זיינע איינמאָליקע איבערלעבונגען אין געווירבל פון אונדזער צעפליקטער צייט.

משה לאָקיעטש איז אַ וואַרעמער משפּחה־מענטש. נישט נאָר אין לעבן. דער משפּחה־מאָטיוו: טאַטע־מאַמע, ברודער, ווייב, קינדער, אייניקלעך, איז אָפט זיין

טרייב־כּוח צו שעפערישקייט. ביידע ביכער ווידמעט דער דיכטער זיינע עלטערן. „גורל פון אַ קרייז״ איז „געהייליקט מיין פאָטער וועמענס גורל האָט צעבראָכן מיין שווייגן״. „מיט שטילן קול״ — „לזכר מיין אומפאַרגעסלעכער מאַמען חיה שׂרה. יסורים האָבן געהייליקט איר לעבן״. די טויטע מאַמע קומט צום דיכטער אין אַ זעונג. די וויזיע צעצווייט און אַנטוישט אים. ווייל „אומגעקערט ס׳פּנים האָט צו מיר אַ פרעמדע פרוי״. מיט דער מאַמען איז „יעדער יום־טוב געווען פול מיט יום־טוב״. דער טאַטע ליגט פאַרקאָוועט אין סיבירער ערד. דער זון איז געווען דער קברן: „מיין טאַטע אויף דנאָ פון שנייען, / טאַטע, איך זינק! רופסט מיך צו זיך? / אָדער זאָל איך באַהאַלטן, פאַרטייען / מיין זונישן טרויער? צי קאָן איך?״

פון אַ גאַנץ אַנדערן קלימאַט זענען די לידער „אויף ישׂראל־ערד״, ווו זיין טאָכטער לוסיאַ האָט געפונען איר היים אין גליל, דאָרט געבוירן אים זיין ערשט אייניקל, כאָטש זכרון־פעדעם בינדן דעם קאַלטן צפון מיטן וואַרעמען דרום: „מיין טאַטע אויף צפון, מיין טאָכטער אויף דרום / און איך וואַנדער אום צווישן ים און שליטן, / מיין טאַטע, דאָרט, פרירט צווישן גויִשע קברים, / מיין טאָכטער האַלט שמירה ס׳לאַנד צו פאַרהיטן״...

די קנאַפּע צוויי הונדערט לידער אין ביידע ביכער זענען צעטיילט אין גרופּן: „טייגע־לידער״, „מיין טאַטע״. „צעשפּאָלטענע רגעס״. „בראַזיל״. „אויף ישׂראל ערד״, „נשמה־וויבראַציעס״, „אין שפּיטאָל״, „סאַטיריש״, „קאָסמאָס״, „יִדיש״, „זכרונות״, „ממעמקים״, „עכאָס״, „מחשבות״. כּאילו דער גרופּן־אויסשפּרייט העלפט דעם פּאָעטישן פּאַרנעם. בעצם זענען אַלע לאָקיעטשעס לידער, ממעמקימדיקע זכרונות פון צעשפּאָלטענע, נישט רגעס, נאָר יאָרן, מיט אויפגעריכטע זוניקע טעג, מיט נייע האָפענונגען פון אַ נייעם אָנהייב מיט זיין משפּחה אין ישׂראל. ווייל פריער זאָגט דער דיכטער „דערגרייכט כ׳האָב שוין די מדרגה צו שטיין אויף דער שוועל פון פאַרגיין״...

מיר האָבן אַ גרויסע „צער־און וויי״־ליטעראַטור צו וואָס קיין פאָלק איז נישט „זוכה״... צו דער ליטעראַטור ברענגט משה לאָקיעטש זיין באַשיידענעם חלק. וועל־כער דיכטער פון וועלכן פאָלק האָט אַזעלכע „אינטימע״ זכרונות:

אַזוי האָב איך אין צפונדיקע שניי־זאַווייען,
צעברענט פון פראָסט, פון נאָגנדיקן הונגער בראַנד

געפֿרעגט, פֿאַר וועלכע זינד? געוואָלט צעצווייען
דעם חלום פֿון ברויט אין אַ משפּחהדיקער האַנט.

דעם אַריינפֿיר צו מ. לאָקיעטשעס צווייט בוך, טיטולירט פּראָפֿ. יודל מאַרק: „פּאָעזיע פֿון געזונטער פּשטות". דעם שם תּואר געדענקען מיר ווײַל פֿון „דער פּראָלעטאַרישער דיכטונג" אין די 30 ער יאָרן אין פּוילן. ווי באַנאַל, פּראָקלאַמאַציע־מעסיק דאָס זאָל נישט היינט קלינגען, איז די באַצייכענונג אַן אויסדריקלעך אָנגע־מאָסטענע צו לאָקיעטשעס שאַפֿן. ער איז דוכט זיך דער איינציקער יידישער פּאָעט וואָס שרייבט אַן אָדע צו אַרבעט, צו מאַזאָליעדיקע הענט. דאָס איז זיין קען־צייכן. מיר הערן דעם עכאָ פֿון זעג און האַמער, דעם ריטעם פֿון אַרבעט געפּאָרט מיטן נאַקעטן וואָרט וואָס זינגט אַרויס פֿון די שורות אַן אַלטן ניגון, אָפּקלאַנגען פֿון דער יידישער גאַס וואָס יאָגן אַריבער דעם נעכטן אין היינט אַריין. לאָקיעטשעס ליד ווירקט מיט זיין דירעקט־סוביעקטיוו פּערזענלעכן אָטעם:

כ'וואָלט געוואָלט ס'זאָל ניט זיין קיין פּגם, קיין צייכן,
די שאַנק זאָל זיין אין מאָס ווי אַ געמאָסטענער סאָנעט.
איך וואָלט געוואָלט מיין ליד זאָל צו יעדערן דערגרייכן
מיט זעלישער רו, ווי צום מידן מיין בעט.

נישט אַלע לידער זענען אויף דער זעלבער מדרגה. אין אַ טייל לידער, ווי אין „בראַזיליאַניש", פּאַרכליניעט זיך דער דיכטער מיט ריאָ דע זשאַנייראָס טאָפּאָגראַ־פֿישער שיינקייט: בערג, בלויער אַטלאַנטיק, מיטן המון איינוווינער פֿון די „פֿאַווע־לאָס", די הענגענדיקע בערג־שטיבלעך, בראַזילס אָרעמער זאַק. טאַקע סאָציאַל־עטנישע לידער פֿון המונישער נויט און אַרויסגעשוימטע קאַרנאַוואַל־פֿרייד מיט בויך־טענץ, „סאַמבאָ"־מוזיק, „מאַקומבע"־כּישוף־סעאַנסן, בוטעקינען, ווײַן, בענקשאַפֿט, עקזאַלטירטע גלוסטעניש אפילו צו שטאַרבן אין טאַנץ אויפֿן אַספֿאַלט. אין קאַרנאַ־וואַל־עקסטאַז איז דאָס שוואַרץ־הויטיקע פֿאָלק פֿריילעך, גוטמוטיק צעהוליעט, פֿאַר־געסט אין דלות וואָס גריזשעט אים אַלע טעג פֿון יאָר, און מיר פֿילן דעם דיכטערס געפֿיל פֿאַר סאָציאַלן יושר, זיין מיטלייד און באַציונג צו די אונטער־פּריווילעגירטע. מיר זעען דאָס בילד, אָבער עס פֿעלט דאָס פּאָעטישע לשון, די ריטעם־געמאָסטנקייט וואָס אַנדערע לידער, די מער אייגנהויטיקע, פֿאַרמאָגן.

און ווען אַפילו דאָ און דאָרט טוט, אַ בליץ אַ שורה, אַ סטראָפע; ווי —

כ׳האָב ליב די נעגערס, די האַלב ברוינע מולאַטן,
פויל און מיט ביטול זיי קוקן אויף עשירות,
כ׳האָב ליב די קינדער, וואָס קאָנען נישט קיין טאַטן,
כאָטש אַ מאַן ברענגט דער מאַמען אַ היים זיין שׂכירות.

האָבן די אויסגעצייטיקטע זכרונות־מאָטיוון מער פּאָעטישן חן, ווי די געשאַפענע אויף דער הייסער מינוט. ווייל זיין דיכטעריש געמיט זוכט די נשמה־פעדעם צו פאַרוועבן מיטן פשוטן וואָרט אין טעפּיך — וואָס הייסט ליד. מיר הערן ביי אים געזונטע עכאָס פון אונדזערע אַלט־באַליבטע דיכטערס: מאָרים ראָזנפעלד, דוד עדלשטאַט, יוסף באָוושאָווער. מען פילט אין לאָקיעטשעס „לידער פון סיביר״, אַ מילדע לייוויק־השפּעה:

מיט שטריק דורכן אַקסל, געקאָוועט אין שליטן,
אַ צעקאַלטנטע וויוגע און איך אין דער מיטן.
איר ווירבל צעדריוועלט, צעשטופּלט די שליאַכן,
די גלעזערנע הימלען צעבראָכענע קראַכן.

אָבער — מיר דערקענען אין זיי די בראַנד־סימנים פון סאָוויעטישער פאַרשי־קונג, וואָס איז מיט מער אכזריות, מיט מער מענטשלעכער הילפלאָזיקייט, מיט מער צווייפל אין קיום־מענטש. און דאָס איז שוין בפירוש זיינס.

אַ גרויס חלק פון דעם „גרויסן לאַבן־וועלט״, מיט קלימאַטן ליבע און בייזע, מיט מענטשן גוטע און שלעכטע, ווינען אין לאָקיעטשעס לידער, די באַהנטע מיט מחשבה, מיט געפיל און עקספּרעסיווע זאָגעכצן. אַוודאי כּדי צו אילוסטרירן אַרויס־געזאָגטע מבינותן, וואָלט געוועזן נישט מער ווי רעכט צו ציטירן מער מוסטערן פון מחבר, אָבער אַ מאמר איז דאָך אַ באַגרענצטער ענין, און דערוואַרטנדיק זיין עליה קיין ישׂראל וועלן מיר ווינטשן דעם דיכטער משה לאָקיעטש אַ סך שעפערישע יאָרן און ווי זיין טאָכטער „היט דאָס לאַנד״, זאָל ער, איר טאַטע, שטענדיק היטן זיין וואָרט.

1981

ישראל עמיאָט

# משה לאָקיעטשעס לידערבוך „גורל פון אַ קרייז"

משה לאָקיעטש איז פּשוט ווי אַ דאָרפיש האַרץ. ער האָט נישט קיין צו טיפע מחשבות, אַלץ איז פאַרשטענדלעך. די פאָרם איז דער נוסח פון אַ דור פּאָעטן ביז אונדזער יאָרהונדערט און אַ 20 יאָר שפּעטער.

אַ פּשוטער מעבל-סטאָליער, וואָס האָט זיך דערוואָרבן, אַ דאַנק פעיִקייטן און התמדה, זיין בילדונג, רעאַגירט ער אויף געשעענישן פון טאָג עכט, ערלעך, האַרציק. ער באַשרייבט די טייגע, אין וועלכער ער איז אַ בחורל נאָך אַריינגעפאַלן, און די נעכט אויף צפון, און דעם הונגער פון אַ קינד, וואָס טוליעט דאָס מיילכל צו דער מאַמעס אויסגעדאַרטער ברוסט, און דעם טאַטן זיינעם, וואָס איז געפאַלן אין דער טייגע, באַשרייבט ער, און זיין ליגן אין שפּיטאָל. איז נישט וויכטיק וואָס אינעם אויספלעכטן זיין פערז איז ער טיילמאָל פּרימיטיוו און גראַמט „מדרגה" מיט „טייגע" (וואָרשעווער דיאַלעקט).

געדענקט איר נאָך ווי היינריך היינע האָט זיך צעשריבן איבער האַנס זאַקסן דעם פאָלקסזינגער, יאָ, לאָקיעטש האָט אַ סך פון אַ פאָלקסזינגער:

> הענט מיינע, געהאָרכזאַמע, צעאָדערטע, און שטילע
> זעגן זינגען לידער אייך און מעשׂיות אַ מגילה.
> אין יאָרן דאַרנדיקע, אַנגסטיק-בראַנדיקע פלאַמען,
> אייער מי איז געווען די צווייטע מילך פון מאַמען.
>
> „צו מיינע הענט"

און זעט ווי שיין עס פילאָזאָפירט אָט דער מענטש פון הובעל און זעג:

> די עקדת-יצחק, זי חזרט זיך איבער
> אויף ערטער די אַלטע אין כפל כפליים,

נאָר ס׳קומט נישט קיין מלאך אין פאַראַבלטע שטיבער,
ס׳שרייבט קיינער דערוויַיל נישט קיין חומש קיין נייעם.

ס׳איז נישט קיין לעגענדע פון טויזנטער יאָרן,
ווי גאָט האָט מיט פייער געפּרוּווט זיינע קינדער,
— ס׳ווערט אָבער לעגענדע די וואָר פון די וואָרן,
ווי ס׳ווערן מלאכים חיילים אַצינדער.

„עקדה מיינע״

פאַראַן אינעם בוך אויך אָפּטיילונגען „בראַזיל״, „אויף ישׂראל ערד״ און אפילו סאַטירישע לידער; מען קען אָבער נישט פון אַלעמען ציטירן.

נאָך דעם גאַנצן גינגאָלד פון אונדזער פּאָעזיע וועט איר נישט געפינען קיין נייעם ביי משה לאָקיעטשן; ער גייט אין די אַלטע פאָרמען. עס איז אָבער אינטערעסאַנט דער פּרימיטיוו פאָלקסטימליכער פּאָעטישער וועג פון דער רוסישער טייגע ביז ריאָ פון אַן אַרבעטנדיקן פאָלקסמענטש. פאַראַן ביי אים לידער, צו וועלכע מען קען אפילו צופּאַסן מוזיק און זיי זינגען און וועלן זיך אָננעמען ביים פאָלק.

1969

הערש שוואַרץ / ריאָ־דע־זשאַניירא

# משה לאָקיעטש — דער פּאָעט

דער דיכטער משה לאָקיעטש האָט מיט זיין ליד שטיל, יאָמערנדיק באַוויינט דעם גרויסן חורבן פון אַ צייט, „ווען מענטש האָט גערעדט דורך קאַנאָנען און חיה האָט פּאַרמענטשט דעם טאָל, ווען פייער האָט מאָרגנרויטיק צעגליט די דעכער און פון דאָרט הויך געזייערט מיט טויטקערנער".

אגב, אפילו אויך דאָ, שוין אין טראָפּישן הייסן בראַזיל, אַ באַפּרייטער פון דער ווייטער ווייסער טייגע, האָט ער זיך „געשמידט צו יענעם 'דאָרט' ווו אַלץ איז 'נאַכטיק פּאַראייזנט' אין אַ שפּאַרונעדיקן אויפשטיין אויפן טאָג".

ווען איך האָב איבערגעליינט דאָס טיף טראַגישע ליד „אינעם לאַנד פון ווייטן צפון", אין וועלכן איינער פרעגט ביי גאָט: „פאַרוואָס האָסטו דאָס קאָמי־לאַנד / פאַרשמידט אויף צפון אַזוי ווייט / און אַזוי פיל גוטס מיט ברייטער האַנט / אין ערטער אַנדערע צעשפּרייט?", האָב איך געזען נישט נאָר „אים" בלויז, דעם פיל אָנגעליטענעם, פאַריתומטן דיכטער, נאָר אויך דעם גאַנצן דור, וועמעס האָפענונגען וועגן אַ ליכטיקן מאָרגן, זענען דורך אַט דער אייזיקער ווייסקייט פאַרפּינצטערט געוואָרן. דאָרט, אין דער ווייטער טייגע, אין איינעם מיטן עלנטן קבר פון זיין פאָטער, איז אויך באַערדיקט געוואָרן דאָס סאַמע טייערסטע אונדזערס.

אויך דאָ, אַפילו שוין מיט יאָרן שפּעטער, ווי אַ תּושב אין דער חנוודיק־שיינער שטאָט ריאָ, וואָס נעמט אויף ברייטהאַרציק, מיט קאַרנאַוואַלישער פרייד, יעדן ניי־אָנגעקומענעם, ווערט ער זיך קלאַמערן אין זיין פאָטערס געדענקעניש אויס מורא פון אַן אפשרדיקן פאַרגעסן. דאָס דריקט ער אויס אין זיין ליד „יזכּור":

אַ פלאַם כ'וועל זיין פאַר דיין נאָמען,
אויך אין פלאַקער כ'וועל ווערן פאַרצערט,
נאָר ווי לאַנג דאָ כ'וועל פאַרזאַמען,
וועט דיין זכר נישט ווערן צעשטערט.

עס וואָלט אפשר, מיטן גאַנג פון די יאָרן, געקאָנט געשען מיט אונדזער דיכטער דאָס וואָס עס מיינט דער אויפשריפט ביים אַריינגאַנג אין דאַנטעס „גיהנום" — נישט נאָר איבערלאָזן אַלע זיינע האָפענונגען אין דרויסן, נאָר אויך לגמרי זיי פאַרלירן. אָבער דאָס איז נישט געשען. דער ייִדישער בטחון האָט אויפגעלעבט און אויפגעבליט פונסניי, ווען דער גרעסטער פאָלקס-חורבן האָט געבוירן אַ משיח, און דער ייִדישער אַלטער פעניקס-פויגל, אַ שיר דערטרונקענער אין ים הגדול פון זיין אייגענעם בלוט, איז פונסניי יונג געוואָרן...

ביסלעכווייז הייבט אָן ווערן אָפּגעשוואַכט די יאוש-שליטה איבער אונדזער דיכטער. עס הייבן אָן אויפבליצן העלע, ליכטיקע מחשבות, וואָס בעטן זיך רחמים „אין זכות פונעם נעכטן", צו זען די טעג, אָנגעזאַפּטע מיט אומקום, הונגער פּיין און ווייען „צעאַקערט ווי גרודעס פאַר קומענדיקע זאַנגען".

עס תּפילהט זיך אַ געבעט ביי גאָט „אָנצוצינדן יענע פינצטערע טעג מיט אַ דור, וואָס זאָל אויפגיין פריידיק ווי די זון קאַיאָר" און עס העלט אויף די טרייסט, ווען קינד זינגט און מונטערט אים מיט פרישער באַגייסטערונג אויסצושרייען: „זאָלן קינדער לאַכן זינגען, זאָלן קייטלען זיך די רינגען!" היינט פיגורירן דאָך צווישן אָט די קינדער אויך זיינע, וועלכע היטן ווי שטאָלצע חילים, די גרענעצן פון ישׂראל, וווּהין אויך ער איז עולה געווען מיטפירנדיק אין זיין האַרצן דעם באַגאַזש: פון בראַזיל דאָס גרין און פון סיביר דאָס אייז. דאָס איז דאָך דער גורל פון זיין קרייז.

פאָלג מיך אַ גאַנג: פון וואַרשע, דער אַמאָליקער עיר ואם בישראל, פאַרטריבן אין דער ווייסער טייגע-מדבר און פון דעם ווייסן גיהנום אַ באַפרייטער אין זוניק-שמייכלענדיקן בראַזיל, און פון דאַנען אַ שטאָלצער ייִד קיין ישׂראל.

1988

אברהם סערעברעניק / ריאָ־דע־זשאַניירא

# משה לאָקיעטש

משה איז פון פאַך געווען אַ סטאָליער און, נאָך אַ לאַנגן און געפּייניקטן וועג, געשטיגן צו אַ דערפאָלגרייכן פאַבריקאַנט. ווען כ'האָב זיך מיט אים צום ערשטן מאָל געטראָפן האָט מען אים מיר פאָרגעשטעלט אַלס דער פאָעט משה לאָקיעטש. דאָס איז געשען אַ קורצע צייט פאַרן דערשיינען פון זיין בוך לידער „געראַנגל פון אַ קרייז", וואָס האָט אים דערהויבן צו אַן אָנגענומענעם דיכטער.

אַזאַ מין סימביאָז — פאַבריק אָדער פאַראַלעלע באַשעפטיקונגען און קינסטלע־רישע שאַפונג — טרעפן מיר אָפט אין דער געשיכטע פון קונסט. טאָמאַס מאַן האָט זיך ביז 1901 פאַרנומען מיט קאָמערץ. גאָגען האָט געאַרבעט אויף דער בירזשע ביז וואַנען געלט און פאַפירן זענען אים געוואָרן נמאס. זשאַיסע איז געווען אַ לערער פון ענגליש, סטיווענס — אַן עקזעקוטיוו און קאַפקאַ — אַן אָנגעשטעלטער אין אַ פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט פאַר אַרבעטלאָזע. פון יודל מארק, אינעם אַריינפיר צום „מיט שטילן קול" לייענען מיר: „ניטאָ קיין צופאַלן, און סטאָלעריי מיט פאָעזיע זענען זיכער ניט קיין צופעליקע פאָר".

ס'האָט נישט קיין זין צו פרעגן וואָס האָט משפיע געווען משהן צו ווערן אַ דיכטער און, בכלל, אויסצופאָרשן די מאָטיוון דורך וועלכע מענטשלעכע וועזנס זוכן זייער אויסלייזונג אין דער קונסט. „ס'איז אַ מיסטעריע ? נאָר גאָט קאָן ענטפערן אויף אַזאַ פראַגע" — אַן אַבסטראַקציע, וואָס קאָן צופרידנשטעלן די וואָס גלויבן אין גורל. קאָנקרעט האָט פרעדעריקאָ מאָראַיס, אַ היגער ליטעראַט און פּסיכאָלאָג, דעפינירט די נייגונג צו קונסט אַלס אַ פועל־יוצא פון „אַ ריס" * וואָס געשעט, אומדערוואַרט אין אונדזער לעבן; אַן אומבאַוווסטזיניקער ווילן צו זוכן „עטוואָס", אַ זאַך וואָס איז אייגנטלעך פאַרלוירן. אַן אינטערפּרעטאַציע — אין פּסיכאָאַנאַליטישן זין — קאָן זיין פאָלגנדיקע: דער ווילן באַשטייט אין וועלן דערגרייכן אומשטערבלעכ־קייט, אָבער אַזוי ווי זי איז פאַטאַל אומפאַרמיידלעך, פאַרבלייבט דער ווונטש צו שאַפן „עטוואָס", וואָס זאָל פאַרצייכענען אונדזער דורכגאַנג איבער דער וועלט.

* ס'קאָן זיין: „בראָך", „איבעררייס" אָדער „שפּאַלטונג". אָבער „ריס" — גלויב איך — איז גוט, אַנטשפּרעכט דעם ענגלישן וואָרט „rupture".

משה לאָקיעטש האָט, לויט דער אויפפאַסונג, איבערגעלעבט דעם אויסערגעוויינ־לעכן מאָמענט. „גורל פון אַ קרייז״, „מיט שטילן קול״, דערציילונגען און עסייען בילדן דעם עצם און זין פון זיין עקזיסטענץ.

משה איז, ווי באַוווּסט, געווען אַן אויטאָדידאַקט. דער ענין סוחרעריי האָט ניט פאַרנומען דעם הויפּט־רוים אין טאָג־טעגלעכן געשפּרעך. גראָד זיין פאַך — די סטאָליעריי — פלעגט ער סימפּאַטיזירן. אַ באַווייז פון דער געבענטשטער ערלעכקייט און געזונטער פּשטות. אָבער דער נעוראַלגישער פּונקט וואָס האָט אויף אים אַנגסטיק געדריקט איז געווען אַן אָבסעסיווער באַגער צום וויסן. די טעמאַטיק איז געווען אַן אָנגעוואָרפּענע און פאַרשידנאַרטיקע: ביאָלאָגיע, נאַטור־וויסנשאַפט, מעדי־צין, מאַטעמאַטיק, געשיכטע און וואָס דען ניט? אויב נישט קיין מומחה, האָט ער אָנגעזאַמלט גלאָבאַלע ידיעות אויף אַלע געביטן פון וויסן. ער פלעגט זיך מתוודה זיין אַז ס׳איז זייער ווייניק און געגאַרט אויף אַלץ מערער. ס׳איז דעריבער געווען צו מערקן אַ געפיל פון פרוסטראַציע. ער פלעגט זאָגן וועגן זיך „כ׳ווייס כּמעט גאָרניט, כ׳בין דער גרויסער פּגם, דער בעל־מלאכה, וואָס האָט מאַזאָליעס שטאָט אַ הדרת־פּנים״.

אָבער מיט וואָס קאָן דינען דעם פּאָעט דער דיפּלאָם אויף פּאַרמעט מיט אַ פאַרקינצלטן מאָנטאַזש פון סימבאָלן, נעמען און ציפערן? וואָס קאָן די אַקאַדעמיע געבן דער קונסט? וואָס פאַר אַ שייכותן זענען פאַראַן צווישן אוניווערסיטעט און קינסטלערישער שאַפונג? — גאַלוויי קינעל — פּאָליטצער־פּרעמיע פון 1984 און דירעקטאָר פון דעם פּראָגראַם פון ליטעראַרישער שעפערישקייט אויפן ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט האָט במשך דעם פאָרום פון וויסנשאַפט און קולטור, דורכגעפירט אין ריאַ דע זשאַניירא, לעצטן מאַי, געשטעלט די זעלבע פראַגעס; פון זיינע ווערטער איז געבליבן דער איינדרוק אַז די שייכותן זענען בלייכע, באַשרענקטע און אַפילו אַנטאַגאָנישע. דער טרוקענער, פּאָדערנדיקער לעקסיקאָלאָג וועט ניט נויגן צו פּאָעזיע און דער דיכטער וועט ניט „וועלן״ אָדער ניט „קאָנען״ פאַרלירן די פרייהייט צוליב ספּעציפישקייטן פון דער שפּראַך. אויטאָדידאַקטישקייט איז פאַר זיך זעלבסט אַ שולע. גראָד די אויטאָדידאַקטישקייט, די איבערלעבונגען און די איידעלע עמפּינדלעכ־קייט האָבן געבילדעט דעם קוואַל פאַר משהס שאַפונג. ער האָט, דאַכט זיך, גאָרנישט געוווּסט וועגן דעם און, אַזוי אַרום, נישט געני אָפּגעשאַצט, ווי ס׳וואָלט געווען כּדאַי, — די אינטעלעקטועלע מעלות וועלכע ער האָט אָנגעזאַמלט בעצמו.

1988

## ריידט צו זיך...

(לאַטיין־אַמעריקאַניש)

דײַן שטיקל ברויט וואָס עסן מעגסט אַ טאָג,
ליגט גרייט פאַר דיר אויף אַלע ברייטן ערד;
ס'פעלט נאָר זאָלסט געבן זיך אַליין אַ זאָג,
אַז גורל ווערט דורך זיך אַליין באַשערט.

אַ פרעמדער גייסט אַרום אין גרויסן לאַנד,
ווו רײַכקייט וואַקסט און מערער נאָך די נויט;
ווו אין אַ פויסט עס ביילט זיך שכנס האַנט,
וואָס זאָגן קאָן, אַז עסט בחינם ס'ברויט.

דײַן שטיקל ברויט וואָס עסן מעגסט אַ טאָג,
איז גאָר קיין שׂכר ניט פאַר דער קענטעניש וואָס גיסט,
דערגרייכט האָסט זי, מיט שוויס, אין דײַן פאַרטאָג,
ווען ס'האָט דײַן וווקס קיין זאַטקייט ניט פאַרזיסט.

אַ קליינער שׂכר ז'פאַרמאָגן נאָך אַ הויז,
אַ פאַבריק צי גאָר אַ גרויסע שטוב,
קאָנסט מאָרגן דאַרפן ליגן, ווי אַ מויז,
באַהאַלטן — ווי אין געטאָ — אין אַ גרוב.

ס'איז בעסער זײַן צוזאַם, ווי זײַן אַליין,
ווו ס'איז קיין זינד ניטאָ פאַר זײַן אַ ייִד.
און וועט דאָרט ברענגען ווען אַ רויטע שײַן —
אַ ייִד וועסט זײַן מיט אַלע אין דײַן מיט!

## גאַסן דאַוונען אום יום־כּיפּור

ס'ליגן די גאַסן הײַנט הוילע, אַנטבלויזטע,
נאַקעט, צעקנעפּלט, אָן שטאָטישן רויש;
רוען צעשפּרייטע, געזעטיקט, באַרוישטע
אין דרימל אַ זיסן, אין אייגענער שויס.

נישטאָ די געשפּאַנטקייט, קיין בלוטן פּולסירן,
אַ יאָר זיך געדרענגט אין געיעגן פאַרשײַט,
געאָרעמט, פאַרפּרעסט, אין נאָנטע באַרירן,
אָן רייץ ליגט ס'נאַקעטע לײַב — די ווײַט.

הײַנט שלווה איז צעהאָנגען — נעפּל אַ בלינדער,
געשטילט הייסע גלוסטן, געלאָשן דער פיבער.
אויף שוואַרצע אַספאַלטן, צעבליט שפּילן קינדער,
און נעמען פון גאַסן דאַוונען יום־כּיפּור.

## ביבליאָטעקן

אין ביבליאָטעקן שטייען שאַפעס פול מיט ביכער:
שטראָפרייד מענדעלעס, און שלום־עליכמס לאַך;
יוד למד פּרץ — „האָפּט און גלויבט״ — אין גאַנצן זיכער,
אַז ס׳וועט קאַיאָר, אָט באַלד, אַ סוף מאַכן צו נאַכט.

טרייסט ער זײַן פאָלק, און האָפּערדיק ער וועקט די יונגע,
לייוויק מוטיקט „גוואַלד ייִדן זײַט זיך ניט מיאש!״
משוררים, ייִנגערע אונטערהאַלטן זייער זינגען:
קוויטקאָ לייב, דער ליריקער, בערגלסאָן דער באַס.

מיר גייען בײַ פאַרשלאָסענע, פרעמדע און טויב־שטומע,
פאַרבלאָנקעטע דורך גאַסיק־הבלדיקן רעש.
זיידעס וואַרטן, נעבעך, צי די אייניקלעך קומען,
זען, גויִם קוויקן זיך מיט אונדזער שלום אַש.

באַשעוויס זינגערן אַזש האָט געקרוינט אַ קעניג,
אַ לאַנד אַ קאַלטס דערוואַרעמט האָט מיט זשמעניעס פרייד.
נאָר קאָן אַ שמייכל, וואָס גלעט חולה אונטערטעניק,
מינערן די ווייען, אים לינדערן די לײַד?

ריגאַ, אויגוסט 1980

## מבול אין ריאָ

דער הימל מיט בלײַ אָנגעהויפטער,
שיקט פלייצן צו לעשן דעם בראַנד;
ליגט ריאָ ווי לוט אַ פאַרזויפטע
פון שיכּרות אַ וואָך נאָכאַנאַנד.

די גאַסן אין טײַכן געפאָרעמט.
אין שפּיגלען זיך כּפלט די שטאָט.
פון בערג קומען הײַזקעס געאָרעמט,
מיט קינדער אויף סטיכיעס באַראָט.

עס קניען ווי בעטלערס די שטיבער,
צעשיטע, צעפלאָשעט פון שרעק,
מיט פענצטער ווי פינצטערע גריבער,
וואָס שנאָרען ווי בלינדע אין טעג.

דער באַרג האָט אַנטהילט זײַנע גלידער,
די קנאָכן פאַרקאַלכט פון אַמאָל;
צעפירט זײַנע אַקסלען שוין ווידער
און שענקט האַרציק שטיינער דעם טאָל.

ס'איז סמוטנע אויף בערג זיי צו ליגן,
האָט מבול באַפוילן זיי גיין,
אַ ביסל דעם אומעט צעוויגן,
צעטרייסלען די שטאָט אין איר זײַן.

ליגט כּישוף פון ריאָ דערטרונקען,
אין שליימען זי טובלט די זינד.
און כליפּעט אויף דנאָען געזונקען,
מיט שלוכצן געשטראָפט, ווי אַ קינד.

ריאָ, יאַנואַר 1966

## קלויבן וואָס ?

לײַדן, האָפֿן, שטרעבן ? — אַ שווער לעבן ;
דחקות, נויט, רדיפֿות ? — אַ קליינער יִחוס ;
שפּיל, פֿאַרשפּיל, געווינען ? — ס'האָט קיין זינען ;
גלויבן גורל בלינדן ? — גאָרנישט קאָן עס צינדן ;
צו מזל, דאַליע, מערכה ? — דאַרף מען אויך הצלחה ;
לאָוו כּל אדם זוכה ? — האָט אויך שטרויכלען ;
וואַרטן אויף הצלחה ? — דאַרף מען אויך אַ ברכה ;
פֿרייד, נעמען, געבן ? — אָט דאָס איז לעבן !

ריאָ, יאַנואַר 1974

## שטילקייט

כ׳זיץ איינער אַליין אין פֿאַראיינזאַמטן הויז,
געזונקען אין שווײַגן — אַ שטיין אין טײַך.
אַזאַ שטילקייט ז׳צעהאָנגען אין רוימען בלויז,
— דאָרטן אַ בלויע — צו מײַן נאַכט נישט גלײַך.

אַ נאַכט וואָס דריקט, ווי אין אַ קעסל, די לופֿט —
זוכט דעם אַנטרין צום קאָשמאַר מיט געוויין.
צעטײַעט געשלאָך פֿון אַ פּחד וואָס יאָגט,
נאָר בלײַבט שטעקן אין האַלדז — אין קעל אַ ביין.

אַזוי צאַפּלט ס׳געשריי אויף ווענט פֿון מיין שלאָף,
שפּאַלט און צעטרייסלט מיט ציטער פֿון ערד ;
כ׳נעם שאָטנס צו לאַטען צעפּאַלענעם שטאָף
און אַליין אַ שאָטן, ווערן פֿאַרצערט.

ריאָ, סעפּטעמבער 1976

## כ׳האָב הײַנט...

כ׳האָב הײַנט זיך לאַנג געראַנגלט בײַם אויפֿבויען אַ ליד,
בײַם מעסטן פֿערז, ווי אַ סטאָליאַר מעסט די ברעטער;
שנעל פֿון חשבונען פֿאַרמאַטערט זיך, געוואָרן מיד
און רוי געלאָזט צו דערקאָכן זיך אויף שפּעטער.

פּונקט אַזוי געטראָפֿן האָט אַ מאָל מיט מיר אין ווײַט,
ווען אין דער קריג אַ פֿאַרשיקטער כ׳בין געוועזן.
גערופֿן מיך צום פֿראָנט, גלײַך מיט אַלע יונגע־לייט,
וואָס זײַנען פֿון די ווונדן שוין געוועזן גענעזן.

— „אַ סטאָליאַר כ׳בין״ — מײַן תּשובֿה קורץ, כ׳ראַפּאָרטיר דעם שעף,
בעת ער׳ט באַטראַכט די מאָזאָליעס מײַנע אַלע.
— „אַ! מיר דאַרפֿן דיך אַזאַ! דו ווייסט צו וואָס? נו טרעף?
פֿון פֿאַרקאָן מאַכן זאָלסט מעבל פֿאַר דער סאַליע; —״

— „באַווײַזן דאַרפֿסט, אַז חוץ סטאָליאַר ביסטו אויך אַ כוואַט,
ווײַל אונדזער פֿאַרקאָן ליגט פֿאַרשיט אונטער שנייען
יאָרן. אַלטע ברעטער דאַרפֿסטו מאַכן ניי און גלאַט,
פֿאָרמירן בענק, גלײַך קרעפּקע זעלנער אין רייען״. —

אַזוי באַפֿעלט דער לאָמער קאָמענדאַנט פֿון טאַנק,
מיט פֿריש פֿאַרנייטע לעבער אין זײַנע נירן.
— „דיך לאָזן וועל איך דאָ צו מאַכן טיש, באַנק און שאַנק,
מײַן שטאַב זאָל קאָנען לײַטיש פֿונקציאָנירן״. —

מיט הונגער — ווילד געוואָרפֿן גראָבן זיך אין שנייען,
— ווי קראָט געגנורעט, דורך העלצער האַלב פֿאַרפֿוילטע;

קאָסעדיק צעקרימטע, ווי פון אַרטריטיס־ווייען,
זיי געצערטלט, ווי אַ מאַמען אַ פּאַרקווילטע.

— „שטייט אויף! דערוואַכט! דורך נאַכט און פראָסט, הערט דעם רוף מײַנעם!"
„כ'פלעג ברידער אײַערע תּמיד גוט באַהאַנדלען",
„כ'וועל אײַך באַהויטן, אויפלעבן אין זאַכן פײַנע,
מיר זאָלן זיך, חלילה, טויטע נישט פאַרוואַנדלען —"

געברייטערט און געלענגערט שרעטל, קראַנקע ברעטער,
זיי קלוג געטאָפּלט מיט דיאַגאָנאַלע שניטן;
מיר זײַנען גיך געוואָרן איינס דעם צווייטן רעטער,
און נאָך אַ מאָל דעם טויט, אויפסנײַ, געמיטן.

רמת־אביב, נאָוועמבער 1985

## מערכה

מיט בלײַ געלאָדן איז מײַן יעדער וואָרט פון שווײַגן,
פאַראַנקערט ליגט עס אויפן דנאָ פון מײַן געמיט.
כ׳וואַליעס שפּיריקע קוואַלן, נידערן און שטײַגן,
נאָר פון אַנקער אָפּרײַסן קאָן עס בלויז אַ ליד.

שווימט מײַן לידער־שיף פולע קעלערס שווער געלאָדן,
נאָר קריגט קיין האַפן נישט, קיין שפּײַכלערס שטייען גרייט;
קיינעם קימערט נישט, נישט מײַן היזק, נישט מײַן שאָדן
און לאָזן וואָגלען וויסט מײַן פראָם אַוועק אין ווייט.

שווימט אין וואַנדערוועג מײַן טראַטוועט־סוד, שטומען ווערטער;
קעלערס פינצטערע צו ליכט בענקען, צו אַ פּאָרט.
כ׳זעגל שטעט פאַרבײַ מיט אַלטע און נײַע ערטער,
נאָר גאַסטן, אַנקערן, וויל קיינער נישט מײַן וואָרט.

ריגאַ, 1981

## גורל

לוסיען, מיין טאָכטער

אין סכּנות ביסט געבוירן,
זיך געהאָדעוועט באַדראָט;
שוואַרצע נעכט, פרעמדע טויערן,
נײַע שרעק אין יעדער שטאָט.

דײַן קאַיאָר געהעלט האָט ווײַטער,
ווײַט פון לאַנד ווו האָסט געלעבט.
צו נסיונות תּמיד גרייטע
האָט דער גורל דיך געוועבט.

דורך פיל לענדער האָסט געוואָגלט,
שפּראַכן נײַע אָנגעקליידט.
ס׳האָט באַשנייט דיך און באַהאָגלט
— דו, צו אַלעם שטענדיק גרייט.

הײַנט ביסטו מיט פאָלק דײַן קליינעם,
אָטעמסט צער, האָפּסט אויף פרייד.
זאָגסט: צוזאַמען און אין איינעם
טיילן ספיקות און באַשייד.

ווי אַ שוואַן אַוועקגעשווומען,
אונדז געלאָזט בײַם ברעג אין שרעק;
דאָרט צעקנאָספּעט האָסטו בלומען,
און באַהעלסט אונדז טריבע טעג.

ריגאַ, יולי 1981

## גערענקסט ?

פראַנקלינען, מײַן זון

גערענקסט די גאַס קאָפּאַקאַבאַנע ?
און די וואָס שנײַדן דורך איר זײַט ?
נעבעך און נעבעך כ׳בין דאָרט געשטאַנען,
דיך אויסגעקוקט אין חורבן־צײַט.

פאַרפּלעפט געוועזן ביסט מיט געווימל,
פאַרמישט מיט גייערס, גאַסיק, פרעמד.
איך פאַרצווייפלט און צעטומלט
האָב דיך דערזען מיט באָרד פאַררעמט.

אין מאַסע־שטראָם המוניק, פרעמדן,
געפלאָסן ביסט מיט אַלע גלייך ;
איך מיט האַרץ אַ שטום פאַרלענדטן,
געשטרעקט מײַן בליק, ווי נעץ אין טייך.

אַזוי געצערט מיט דיר חדשים,
ס׳האָט מינדסטער שאָטן שרעק געיאָגט.
לויער ט׳אונדז געשאַרפט די חושים.
קלענסטע פרייד פאַרווערט, פאַרזאָגט.

היינט דערמאָנסט עס ווי אויף קאַטאָוועס,
נאָר מיך אײַטערט נאָך טיפער שניט,
פאַר דיר געבעטן דאָן זכות־אבות,
דיר קאָנען ווידמען הײַנט מײַן ליד.

ריאָ, אָקטאָבער 1980

## מחשבות

וואָס דריי איך זיך אַרום דאָרט אַלץ נאָך ווי אַ פרעמדער,
כאָטש האַלב לעבן דאָרט צעפּאַרעט אין די היצן;
מיט קינדער־ווייען פון אַ האַלב טוץ פרעמדע לענדער,
זיך צינדט ס׳פעלד פונעם זיכּרון ווי מיט בליצן.

הײַנט גאַנצע טעג כ׳שפּאַציר אַרום בײַם ים מיט דאגות,
כ׳פּרוּוו נאָך האַלטן וואַך מײַן טראָט וואָס ווערט פאַרדרימלט,
ווי דאָסטאָיעווסקיס צוואַנג־סיבירניק אין די טײַגעס
ט׳זיך פאַרמאָסטן מיט אַ שנייִיקן געווימל.

קיין מאָל געווען נאָך אַזוי רחבותדיק געזעטיקט,
כאָטש אַ הונגער ברענט ווי אין די צפון־וועלדער.
ווי אַ רפואה קומט צו מסוכּנעם פאַרשפּעטיקט,
ווי אַ פרישקייט ווערט דורך לאַנגער צײַט פאַרעלטערט.

אַהין געקומען כ׳בין מיט ריינע דרײַסיק יאָרן,
דורכגעאַקערט מיט אַ פײַערקאָפּ צעקעמטער.
מיט אײַפער דורכגעשניטן אַלע בערג און טאָלן.
הײַנט שטיי איך בײַם סוף אַ ביסל אַ פאַרשעמטער.

צו וואָס די אַלע דראַנגען צו די שפּיצן לייטערס,
ס׳בלויזע שטאָפּלען האָט פאַרמידט די יונגע ביינער?
צו וואָס די אַלע יאָגענישן נאָך די צווייטע,
ווען צום אויבער־שטאָפּל עס דערגייט נישט קיינער?

חכמה וואַקסט, זיך שפּעטיקט, מיט יעדן שפּאַן דערגרייכטן,
אַ גוט באַצאָלטע מיט יאָרן אַלע וואָס פאַרגייען,
זי העלפט דערזען דעם הכּל־הבל, אים באַלײַכטן,
נאָר קאָן מער נישט קיין איין פרילינג הײַנט באַנייען.

תל־אביב, י״ג ניסן תש״ם

## הײַנט

הײַנט װעל איך נאָך אַ מאָל צינדן ליכטער,
אין װערטער פֿינצטערע פֿאַרשפּאַרט אין שטײַג.
הײַנט כ׳װעל זײ באַלײַכטן די געזיכטער,
אײדער נאַכט ברענגט איר חושך מיט פֿאַרנײג.

הײַנט װעל איך גײן קריק צו יונגע יאָרן,
זיך זען פֿעסט מיט קערפּערלעכן ברױז;
הײַנט װיל איך זען מײַנע טריט פֿאַרפֿראָרן,
דורך אַ שײַבעלע באַצירט מיט שנײען־רױז.

הײַנט װעל איך אױפֿסנײ דורכגײן מײַן לעבן.
— אין דמיון — אױף עקראַן אַ װידערזע,
הײַנט כ׳װעל צו סך־הכּלען נאָך דערגעבן,
ביטול־שמײכל פֿונעם סוף, װאָס גענענט.

ריאַ, פֿעברואַר 1983

## מײַן טיר צו מיר

מײַן טיר צו מיר,
איז תּמיד אָפֿן
פֿאַר מיר אַליין.
כ׳גיי אַרײַן
זען די שטאָפֿן
פֿון מײַן זײַן.

כ׳טרעף, ס׳פֿרירן טראָפּנס
נ׳אַ גלאָזיקן קרישטאָל,
אייביק מיר צוקאָפּנס
פֿון ווײַטן שניי אַ מאָל.

כ׳נעם פּאַוואָליע זיי אַרויס,
שטאָפּ די פֿלעשלעך אויף,
ווי מ׳עפֿנט אויף אַ הויז,
אין מיט אַ פֿרעמדן הויף.

די טראָפּנס העל פֿאַרבלענדן,
ווי בלויער איַיז מײַן בליק;
מײַן ראיה כ׳קאָן נישט ווענדן
פֿאַרויס. נאָר בלויז צוריק:

ווו ס׳פֿרירן זילבער־טרערן,
— מײַן פֿאַרפֿרוירענער געוויין,
— העלער בלאַסק פֿון שטערן
פֿון פּאָלאַרער שײַן. —

כ׳נעם וואַרעמען דעם שטאָף.
שלייַף אים, בלענד אים ריין,
קוים אייַזט אַ טרער פאַרשטאָפּט,
פאַרקלעמט ווערט מייַן געוויין.

געוויין, וואָס כ׳וויל פאַרגיסן,
צעטייַען טרער נאָך טרער;
זיך אויפשליסן אַ ביסל,
ס׳זאָל נישט זייַן אַזוי שווער...

ריאָ, יאַנואַר 1981

## אַסימילאַציע

וואַרעמען כאַטעס פרעמדע און גרויסע
און אייגענע לאָזן הפקר אַליין ?
בין איך מוותּר אויף פּראָסטיקן יושר :
הייצן דעם דרויסן און פרירן אין היים !

ריאָ, אַפּריל 1973

## ווינטן

רעמיניסצענץ

ווער קלאַפּט עס אין פענצטער ביי נאַכט?
ווער רייַסט עס דעם ריגל פון טיר?
ווען אַלץ איז אַרום שוין פאַרמאַכט,
ווער וויל עס אַרייַן איצט צו מיר?

אַן עלנטער וואָגלער, אַ ווינט,
זוכט ערגעץ אַ וואַרעמע היים?
— אַ וויכער ט׳פאַרלוירן זייַן קינד,
נאָר קיינער לאָזט אים נישט אַרייַן.

ער פּויקט אין מייַן טונקעלער שויב,
וואָס חלומט פון נאַכטיקער רו:
— „הייב אויף זיך! דערהויב זיך, דערהויב!
אַ היים כ׳זוך ווי דאַן אַ מאָל דו״.

דערמאָנט עס מיך מייַן וואָגלערײ
אויף בלאָנדזשענדע שליאַכן בייַ נאַכט.
געזוכט אין אָנהיימיקן זייַן,
אַ וואַרעמע שטוב בייַ אַ טראַקט.

נאָר לאָדנס מיר האָבן געשענקט,
דורך שפּאַלטן, בלויז טראָפּעלעך ליכט.
ווי כ׳האָב דאַן פאַרטייַעט געבענקט —
דערציילן איז שווער נ׳אַ געדיכט.

איך עפן דאָס פענצטער פאַר אים
און לאָז אים, מייַן וואָגלער, אַרייַן.
מיר נעמען זיך ביידע אַרום
און שלאָפן באַרויִקטע איין.

ריגאָ, סעפּטעמבער 1980

## אַ טרוים

געוואָלט וואָלט איך קאָנען אַוועק צו מײַן אייניק,
דעם קינדסקינד פון קינדסקינד פון אייניק, עירד,
און וואָלט אַזאַ שפּאַציר געווען מיר נאָך ווייניק,
כ׳וואָלט יאָרן געהונדערט און קיינעם געשאַדט.

און זעצן דערנאָך זיך צום אָוונטמאָל עסן
באַרוּיִקט אָן ספיקות: פאַרווירקלעכט אַ טרוים!
נאָר טאָמער אַ פּרט כ׳וואָלט אין עבר פאַרגעסן,
פאַרריכט כ׳וואָלט דעם עתיד דורך צײַט און דורך רוים.

ריאָ, אַפּריל 1970

## גרענעצן

כ׳בין פון גרענעצן צעשניטן,
און צעפּאַלמעסט ווי די ערד;
קיין מאָל ערגעץ אויסגעמיטן,
וואָס מײַן גורל האָט באַשערט.

וואָרצלען אייזיקן אין צפון,
אויפן טראָפּיק וואַקסט מײַן בוים,
נאָר די צווײַגן נערן שטאָפן
פונעם מידבר אין מײַן טרוים.

כ׳טראָג די וועלט אין מיר ווי שפּליטערס
גלאָז, פאַרשטאָכן אין געוויין;
און די וונדן פון געוויטערס,
ווי אַ צירונג כ׳היט אַליין.

אויף מײַן שקיעה איז אַ גרענעץ.
ס׳איז אַ נײַער צוים געשטעלט.
בלײַבט מיר איבער בלויז אַ פּענעץ
פונעם גרויסן לאַבן וועלט.

ריאָ, נאָוועמבער 1980

## אויטאָקריטיש

צוזאַם כ׳בין דיכטער און דער איינציק לייענער,
מוז בײַ שנירלען לידער זיפּן וואָרט ביי וואָרט;
פּאַטש אַליין זיך בראַוואָ, פאַר אַ שורה פײַנער,
שלייס שטרענג אַרונטער, וואָס איז נישט אויפן אָרט.

פלעבט מיר צניעה־פערזון — בתולה־צעפּ ביי כּלה —
טרוים, אַז איך, באַשערטער, זאָגן זאָל, אַז ס׳קליידט,
זיין עולה־יפה, ווערן אויך נתגלה,
נישט שטיין פאַר חופּה אָן שליסל פאַר באַשייד.

אייביק כ׳בין פאַרדאגהט: וועל איך זיך געפעלן?
זיך, איינציק טרייען, וואָס פסקנט תּמיד האַרב;
זאָל איך ווייטער שלײַפן שלאַבעריקע שטעלן,
צי זיך אין גאַנצן, אַרײַנוואַרגן אין קאָרב?

בעט בײַ זיך כּסדר: — קאַפּיטשקע סבלנות!
לעבסט נאָר אויף יאָרן, יאָרן וואָס ביסט דורך.
— גיב אַ קוק אויף דיכטער: ענלעך בנאמנות! —
גיט אַ ביטול־שמייכל מיר אין זייט אַ שטורך...

ריגאַ, 1979

## זכרונות האָבן גופים

בילדער לעשן אויס אַ מאָל די בונטע פאַרבן,
פענצטער ווערן טונקל, ס׳בעלמעט זיך אַ שויב;
זכרונות האָבן גופים — לעבן און שטאַרבן,
וועלקן ווי זקנים, געהויקערט, בלינד און טויב.

פאַרבלאָנקעטע וואָגלען זיי אויף פוסטע פעלדער,
האַרבסטיק געקאָסעטע פון צעבליטן גרין;
שטאַרבן ווי ביימער פאַרוויאַנעטע אין וועלדער,
בליִען קיין פרילינגס מער, שיידן זיך מיט מיִן.

ס׳טרעפט: בילדער צינדן אָן זייערע קאָלירן,
פון אַ בליץ, וואָס גיסט אָן בעכערס שוימיק ליכט,
פּראַלן לאַבירינטן אויף געהיימע טירן
צו די אוצרות אינעם אונטערערדן־שיכט.

וואַקסן אויס רעליעפע, בולט אָנצורירן,
וויַיזן פונעם עבר, אויפגעלעבטן זיַין;
צווייטע לעשן פאַרבן, ווילן זיך פאַרלירן,
אָן לאָזן זכר, ביַים אייביקן פאַרגיין.

ריאָ, יוני 1981

## וואַרשע, מײַן וואַרשע

פאַר וואָס לעבט נאָך וואַרשע אין מײַן זכּרון ?
איז זי דאָך אין אויפשטאַנד אומגעקומען.
נאָר פאַרקברט אין דמיון, ליגט זי יאָרן,
ווי אויפן ים־דנאָ ליגט אַ שיף, אַ שטומע.

כ׳דערמאָן זיך : גאַסן, טומלדיק געפּאַקטע,
גייערס ייִדישע, כוואַליק אין געפלאָטער ;
ישיבה־לײַט — קאַפּאָטקעלער געהאַקטע,
פּאָנעץ־הענגערס בײַם ייִדישן טעאַטער.

גאַסן־הענדלערס און חסידימלעבס געשרייען,
פאַראייִנעץ ברויזיקע, מיט צעוויגטע מאַסן.
לאָמבאַרדן, וואָס פאַר שבת־לייכטערס לייען,
צוויי־דריי גילדן — יום־כּיפּור צו פאַרפאַסטן.

„צישאָ״־שולן אויף דזשיקע, אויף זלאָטע,
געפּראָפּט מיט קינדער טאַנצנדיק צעשטראַלטע
זינגען צו היימען, זוניקע און זאַטע,
אָן קעלערס סמוטנע, פאַרמאָרעטע, קאַלטע.

כ׳געדענק די „שבת־ייִדעלער״ אויף די הייפן
זאַמלען שפּײַזוואַרג פאַר קראַנקע און אַסירים ;
דאַמפּערס ווייסע, געפּאַקטע, פריילער פּײַפן
אויף דער ווייסל מיט אויספלוגן־שפּאַצירן.

אין מלאַטשין, צויזמער, וולאָצלאַוועק און פּילעוו,
ווי ס׳רוישן וועלדער, לאַנקעס גרינען, שטילע,
זינגט מען „מאַרגאַריטקעס״ און „הוליעט, הוליעט״,
וואָס שטייגן, גלייביק, ווי דעם בעשט״ס אַ תּפילה.

אַזוי ווערט וואַרשע נאָך אַ מאָל געבאָרן,
כ׳הער איר דופק און זע איר יעדן אבר,
נאָר, אַז אַ שטאָט דאַרף לעבן בלויז אין זכרון,
איז זי, ווי אַ מת, איינגעקברט אין אַ קבר.

## קאָשמאַר

אויף דער וואָר, כ׳ווער באַפּאַלן אין באַטאָגן,
נאָר אין נעכט קומט דער ווידערזע אין שלאָף;
באַטאָג איז אַ סכּנה זיך צו קלאָגן,
דערפֿאַר אין קאָשמאַר, שריי איך אָן אַ סוף.

באַטאָג, מע צילט אין קאָפּ אַ שוואַרצע לופֿע,
כ׳גיב זיי אַלץ אַוועק רויִק, שטיל און פֿיין;
באַנאַכט האָבן פֿאַרבאָטן נישט קיין תּרופֿה,
כ׳קאָן דעם replay זען איינינקער אַליין.

(ווידערזע — Replay)

ריאָ, נאָוועמבער 1976

## בענקשאַפט

אונדז דערנענטערט האָט די ווײַטקייט,
דער מהלך איז אַוועק;
העלע זונען אין צעשפּרייטקייט
שטראַלן בלענדיק אָן אַ פּלעק.

דורך די רוימען יאָגן בשורות
— אַ וועטלויף מיט ערד אין גאַנג —
לאָגלען פּולע — ווײַן אין שורות;
יעדער אות זינגט אַ געזאַנג;

שעפּט די בענקשאַפט פולע קרוגן,
ווי דער דאָרשטיקער געטראַנק;
יעדער רמז איז אַ וויגן
פון אַ גאָלדיק רײַפער זאַנג.

יעדער גרוס איז אַ געפלאַטער
— איבער בערג — אַן אָדלערפלי;
תהומען ווערן אויס געמאַטער
ווייטן בוקן זיך צעקניט.

ריגאַ, נאָוועמבער 1980

# די צייט וועבט אַ לעגענדע

## צום יאָרטאָג פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד

יאָר ביי יאָר דערמאָנט מען אין אַלע ייִדישע ישובים אויף דער וועלט דעם טאָג פון העלדישן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.

נישטאָ וואָס מוסיף צו זיין, נישטאָ וואָס צוצוגעבן צו דער נאַראַטיווער געשפּאַנטקייט, אַלע קענען דעם פאַרלויף און דעם טראַגישן אַפּאָטעאָז פונעם העראָישן געראַנגל.

דאָך, חזרן מיר איבער, יעדעס יאָר, די הויפּט־און די הויך־פּונקטן פון דער אומפאַרגעסלעכער געשעעניש.

די געשיכטע פונעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ דאַרף ווערן פאַרהייליקט אויף אַלע דורות, ווי פאַרהייליקט ס׳זענען געוואָרן די כּל־נדרי־און די יום־כּיפּור־תּפילות, און ווערן יאָרהונדערטער איבערגעחזרט, נישט פאַרלירנדיק זייער רעליגיעז־דראַמאַטישע וויבראַציע אויך היינט צו טאָג.

אָבער איין ספּעציפישע פאַזע, איין אַספּעקט דאַרף יאָ אויסגעטיילט ווערן, הגם ער איז נישט מער ווי אַ באַגלייט־שטריך צו דער עפּאָפּעע. ווי אַזעלכער קאָן ער דויערן נאָך צען, צוואַנציק, אָדער העכסטנס דרייסיק יאָר. נישט מער.

מיר מיינען זיך, די לעבעדיקע עדות, עדות אויף דער קורצער צייט, וואָס איז אונדז נאָך באַשערט, נישט צו לאָזן דאָס געשעענע זיך אָפּקילן, צוליב אונדזער פיזישער, מיט אונדזער דערווייל נאָך דאַיִקער עקזיסטענץ.

נאָך אונדז, שפּעטער, וועט די עפּאָפּעע אַריבערשפּאַנען די גרענעץ פון דער דעטערמינירטער געשעעניש, און זיך נעמען וועבן אין אַ לעגענדע. ווי יעדער לעגענדע, וועט זי אָנהייבן פאַרלירן אירע בולטע קאָנטורן, איר רעליעפקייט און איר בונד מיטן היינט.

מיר, לעבעדיקע עדות, וועלן אַוועק אין דער אייביקער פאַרגעסלעכקייט, דעמאָלט וועט זי נעמען וועבן אירע גאָלדענע, פאַנטאַסטישע אַזשורן און געוואַנטן.

דאָס וועט זיין מאָרגן, איבערמאָרגן. אָבער היינט, היינט, עקזיסטירן מיר נישט נאָר ווי „פּריווילעגירטע״, נאָר ווי דירעקטע יורשים, מיט גרויס אחריות פאַרן ווייטער.

פאַר אונדזערע פיזישע אויגן, ווערן וואָס אַ מאָל קלענער און ווייטגרייכיקער

די הויך־פּונקטן אויפן אָפּשטאַנדיקן האַריזאָנט. אָבער פּאָר אונדזער גייסטיקן בליק דאַרפן זיי זיך תמיד אַנטפּלעקן בולט, נישט פאַרנעפּלט, און אויפגעהיט אין זכּרון.

דער אמתער מיין, די כּוונה פון דערמאַנען, אין אַלע תּפילות, די געשיכטע פון יציאת־מצרים, ליגט נישט בלויז אינעם דערציילן די ווונדער, נאָר דאָס אַריינלעבן זיך אין זיי, גלייך ווי יעדער איינער וואָלט דורכגעמאַכט דאָס קאַפּיטל מיט זיין פיזישן בייזיין.

וויכטיק איז דאָס פּסיכאָלאָגישע און עמאָציאָנעלע איינגלידערן זיך אינעם אַקט, נישט בלויז דורך אַ רעטראָספּעקטיווער דערמאָנונג, נאָר אַ משתּתּף זיין זיך, ווי מיט אַן אייגענעם אָנטייל.

טוען מיר אַלץ היינט, אַז דער טאָג פון דערמאָנונג זאָל, נאָך אונדזער אַוועקגיין, ווייטער איבערגיין פון דור צו דור?

ווי אַזוי וועט מען דערמאָנען די דאָטע אין אַ פופציק צי הונדערט יאָר אַרום?

אין יענער צייט וועט שוין נישט זיין מער קיין איין לעבעדיקער מיטבאַטייליקטער, מיטקעמפער, מיטצייטלער.

שטעלן מיר זיך פאָר, אַז אין ריאָ, אין קייפּטאָן, צי אין מעלבורן, וועט ערגעץ ווו אַ רעדנער מסתּמא אַזוי זאָגן צו די פאַרזאַמלטע:

„ייִדן, אַז דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ און די אויסראָטונג פון זעקס מיליאָן ייִדן איז טאַקע נישט קיין לעגענדע, נישט קיין מיטאָס, נישט קיין אויס־טראַכטונג פון דער חורבן־ליטעראַטור, איז דער פאַקט, וואָס מיר האָבן צווישן אונדז אַן אָפּשטאַמיקן, אַן אור־אייניקל פון יענע היסטאָרישע מענטשן, וואָס זענען אַליין, ווערטערלעך אַליין, געווען עדות פון יענע לעגענדאַרע מיטישע צייטן...״

היינט ווערן, אָפט מאָל, די רעדעס פאַרוואַסערט. אין די געדענקטעג וואָס דאַרפן פול זיין מיט דראַמאַטישער אינטענסיווּיטעט, מיט שווייגן און טיף אינער־לעכער פאַרטראַכטונג, קאָן מען זיך מער מתיחד זיין מיט די קדושים.

האָט דאָך שוין ר׳ מענדל קאָצקער געזאָגט, אַז דאָס גרעסטע געשריי פון דער וועלט קאָן זיין דאָס שווייגן.

ס׳איז אָבער וואָגיק דאָס צונויפקומען זיך אין איין אָרט, אין איין צייט און איבערטראָגן די מחשבות — יעדער אויף זיין שטייגער — צו דעם גליפּונקט פון דער נישט־פאַרגעסלעכער געשעעניש.

אין דער מולטיפּליקאַציע פון די געפילן איז דער פּלאַם אַ שטאַרקערער, די שטימונג עקספּרעסיווער, די טעמפּעראַטור אַ געהעריקע אויסצושמעלצן אַ גערייניקטן, אַ געאייניקטן ווילנס-אויסדרוק.

מיר זענען תּמיד געווען, אין אונדזער טויזנט יאָריקער צעשפּרייטקייט צווישן פרעמדע פעלקער, אַ נאַטאָרישע מינדערהייט מיט הויכע גייסטיקע און מאָראַלישע ווערטן, אָבער פּאַסיווע צום אַרומיקן פיזישן געוואַלט.

דער אויפשטאַנד האָט געמאַכט אַן איבערברוך אין דער איינשטעלונג, אין דעם מינהג-קדמונים. דער אויפשטאַנד האָט געשאַפן אַ נייעם פּרעצעדענט, וואָס איז להיפּוך צו יעדער מיליטערישער לאָגיסטיק פאַר אַ מינדערהייט, אַן וועלכע עס איז מינימאַלע שאַנסן אויף אַ זיג.

ס'איז געווען אַ טאַקטיק צו דערהאַלטן דעם ייִדישן כּבֿוד און נישט דאָס פּשוטע ראַטעווען דעם בלויזן גוף.

שוין דער רמב"ם האָט אין זיין צייט דעפינירט די מדרגה פון קידוש-השם אויף אַזאַ אופן: „אויב אַ ייִד איז אומגעבראַכט געוואָרן בלויז דערפאַר וואָס ער איז אַ ייִד און ווען ער וואָלט נישט האָבן געווען קיין ייִד וואָלט ער געבליבן לעבן, מיינט עס, אַז ער איז אומגעקומען על קידוש-השם".

אין געטאָ איז נאָך געווען אַזאַ געזעץ, אַזאַ אויסגעבעסערטע תּקנה: אויב דער שׂונא פאַרלאַנגט דיין לעבן — טו אַלץ עס אויפצוהאַלטן. אַז ער פאַרלאַנגט אָבער דיין כּבֿוד — טרעט נישט אָפּ און גיי אַפילו אויף טויט!

מרדכי אַנילעוויטש האָט אין זיינע לעצטע ווערטער געזאָגט: „אַלע וועלן מיר שטאַרבן! די פראַגע איז נאָר, ווי אַזוי צו שטאַרבן. מיר האָבן אויסגעקליבן צו שטאַרבן אין קאַמף".

ס'איז כּדאַי צו ברענגען, אילוסטראַטיוו, אַ פיגוראַטיוון וואַריאַנט פון אַ קינד, שוין צוויי דורות נאָך דער געטאָ-תּקופֿה, אַ סאַברעלע פון אַכט יאָר, וואָס שטעלט, ווי יעדער קינד, קשיות זיין מאַמען וועגן געטאָ. ער שטעלט קשיות, ווייל זיין מאַמע האָט אים דערציילט אַז דער זיידע איז דאָרט געווען. ווען דער אַכט יאָריקער סאַברע באַגעגנט זיך מיטן זיידן, וואַקסט אויס דער זיידע אין זיינע קינדישע אייגעלעך צו אַ פאַנטאַסטישן העלד פון אַ לעגענדע. דער שמועס צווישן זיי קומט פאָר אַזוי:

עס פרעגט מיין אייניקל, עירד:
— זיידע, דו ביסט פון וואַרשע?
דערציייל־זשע, זיידע, פּרט, נאָך פּרט
די גאַנצע געטאָ־פּרשה.

איז אמת אַז אין געטאָ, דאָרט,
האָבן קינדער ניט געלאַכט?
אַפילו, שטיפן ניט געטאָרט
און געווען איז תּמיד נאַכט?

געווען, באמת, דאָרט אַ וואַנט
מיט אַ טורעם, רויט, און הויך.
געברענט האָט דאָרט, זיידע, דיין האַנט
מיט אַ געלער לאַטע אויך?

אַז קינדער האָבן נאָר געוויינט,
ווען אין מאַמעס טויטע הענט,
די זון האָט קיין מאָל ניט געשיינט,
ווייל אַ רויך האָט זי פאַרברענט?

— יאָ, ס׳זאָגט דיין מאַמע ריין די וואָר,
יאָ, געווען איז אַלץ אַזוי,
ווי גאָלדיק ס׳זיינען דיינע האָר,
און ווי מיינע, שניייִק גרוי.

פאַר וואָס דער גרויל געשען איז דאָרט
— פאַרשטיין די פּרשה איז שווער,
מיר פעלט פאַר דיר אַ קינדיש וואָרט,
ווי געפעלט ס׳האָט אונדז געווער.

אַוועק אויף אייביק איז די פרייד,
פאַריאָגט דורך געטאָ-טויער.
פאַרעלטערט קינדער פאַר דער צייט,
— גענערט מיט בלויזן טרויער.

געברענט האָט דאָרט ווי אויף חרמון,
ווען די זון צינדט רויט דעם שניי.
געפעלט האָט ברודער פון מירון *
אונדזער שומר, תּמיד, טריי.

דיין מאַמע ז'אויך נאָך ניט געווען
נאָר איך איינער, איך, פון שטאַם
האָט גאָט, בכּיוון, ניט געזען,
ווי דער וואָלף פאַרציקט די לאַם.

* די בערג פון מירון האָבן ראַדאַרן אַנצוזאָגן באַצייטנס.

# דיכטונג און דיכטער

גלאַטשטיין זאָגט: לייענערס וואָס זאָלן דערשפּירן דעם טעם פֿון אַ פּאָעטישער שורה אויפֿן גומען זענען געווען קליין אין צאָל אין אַלע צייטן און נאָך ווייניקער אין אונדזער צייט, ווען די ייִדישע פּאָעזיע האָט געטאָן אַזאַ שפּרונג פֿאָרויס, אַז די אויסשולונג האָט געמוזט בלייבן הינטערשטעליק און געבליבן שטעקן ביי געוויסע סטאַנציעס און פּעריאָדן.

ס'איז צום באַדויערן אַן אַרטיקל, וואָס הגם ער קאָסט נישט טייער, באַנוצט מען אים ווייניק, ווי ער וואָלט געווען אַ לוקסוסזאַך.

אַ ביסל קלאָרער צו מאַכן דעם פּירוש לאָמיר דערמאַנען אַ מדרש אין וועלכן ס'ווערט געברענגט אַז די נויטיקסטע זאַכן פֿאַרן מענטשלעכן לעבן, פֿאַר זיין עקסיסטענץ, אָן וועלכע ער קאָן זיך נישט באַגיין, קאָסטן גאָרנישט, זענען פֿריי, צוגענגלעך פֿאַר אָרעם ווי פֿאַר רייך. דאָס זענען די לופֿט און דאָס וואַסער.

שפּעטער קומט דער קאָרן און די גרינסן אין דער דערנערונג. טייערער זענען איידעלע פּירות, פּוטערס, זיידנס און לסוף די איידל־שטיינער וואָס זענען צוליב זייער קליינעם סכום זייער טייער און בלויז צוגענגלעך פֿאַר יחידי־סגולה.

דאָס וווּנדערלעכסטע פֿון אַלעם איז, אַז וואָס טייערער אַן אָביעקט איז, אַלץ מער קאָן זיך דאָס פֿאָלק אָן אים באַגיין און וואָס נויטווענדיקער ער איז, אַלץ ביליקער איז ער.

זאָל עס זיין די פֿאַרבאָרגענע האַנט פֿון דער השגחה? זאָל מען מאַכן דערפֿון אַן אויספֿיר, אַז די פּאָעזיע, אין קעגנגעוויכט צו דער ביליקייט פֿונעם פּשוטן וואָרט אינעם מויל פֿון פֿאָלק, זאָל זי עס טאַקע זיין דאָס טייערע אַרטיקל בלויז פֿאַר יחידי־סגולה?

זי קאָסט טאַקע נישט טייער פֿאַרן לייענער, אָבער דאָס שאַפֿן זי איז אַזוי זעלטן, אַזוי יחידיש, אַז בלויז פֿאַנאַטיקער דיכטער צאָלן דעם גרויסן פּרייז און שאַצן אָפּ דעם ווערט פֿון אַ גוט וואָרט, פֿון אַן אָריגינעלן געדאַנק און שעפֿערישער אייגנאַרט.

ווערט דאָך שוין אין זוהר געבראַכט אויף אַ פֿאַנטאַסטיש־מיסטישן אופֿן, אַז

ווען איינער איז מחדש אַ וואָרט צי אַ געדאַנק ביים פּאַרטיפּטן לערנען, פליט דאָס וואָרט אַוועק צום רבש"ע און ער פרייט זיך מיט דעם, קושט עס אויס און באַקרוינט עס מיט 370 טויזנט קרוינען, ער פאַרוואַנדלט אַ מאָל דאָס וואָרט אין אַ נייעם הימל און אַ מאָל אַפילו אין אַ נייער וועלט.

איין ליד פון לייוויקן ווירקט מער אין דויער ווי צענדליקער פּראָקלאַמאַציעס.

ווען לייוויק פּערזאָניפיצירט די וועלט און זאָגט: „די וועלט נעמט מיך אַרום מיט אירע שטעכיקע הענט / און פירט מיך צום פייער און פירט מיך צום שייטער, / איך ברען און איך ברען און ווער נישט פאַרברענט, / איך הויב זיך אויף ווידער און גיי אַוועק ווייטער", זעען מיר די גאַנצע רישעותדיקע וועלט, אירע קרעמאַטאָריעס און שייטערהויפנס און אין דער זעלבער צייט דעם טיפן גלויבן אין פאָלקס קיום.

ס'ווירקט אַנדערש ווי אַ פּובליציסטיש אַרטיקל וועגן מאַסן-אויסראָטונג און רדיפות. די וויסנשאַפט וויל מאַכן דעם מענטש שטאַרקער, מאַכטיקער און די פּאָעזיע וויל אים מאַכן פילנדיקער, בעסער און מענטשלעכער.

כ'האָב זיך אַליין אַ לאַנגע צייט געשטעלט אַ קשיא, פאַר וואָס נאָר אַ קליינע צאָל מענטשן שרייבן לידער און בלייבן דאָך אינערלעך נישט באַפרידיקט מיט די דערגרייכטע רעזולטאַטן, אין דער צייט ווען די גרעסטע מערהייט טוט עס נישט, שרייבט נישט, לייענט נישט און איז זעלבסט צופרידן פונעם איגנאָרירן די פּאָעזיע ווי אַן איבעריקע לוקסוסזאַך.

דער מאָדנער אויספיר איז, אַז די וואָס שרייבן פּאָעזיע זענען טאַקע נישט בעסער, נישט גרעסער, נאָר אין זייער פּסיכע עמאָציאָנעלער.

כ'וויל חלילה נישט קוואַליפיצירן דיכטער ווי אומנאָרמאַלע, אָבער אַ געוויסע קליינע דאָזע פון אַנדערשקייט איז פאָרט ביי זיי פאַראַן. און וואָס גרעסער דער דיכטער, אַלץ גרעסער די אומנאָרמאַלקייט, וואָס באַשטעטיקט דעם אַלטן מיין, אַז גאונות גרענעצט זיך מיט שגעון.

מען דאַרף אויך אין זינען האָבן, אַז דער וואָס שרייבט וויל עפּעס זאָגן פאַר זיך אַליין, אַ תּפילה בלחש, און אומבאַמערקט פון קיינעם ווי אַן אויסוויינען זיך פאַר זיך.

איך האָב די ערשטע בערך פינף צענדליק לידער געדרוקט אין בראַזיל אונטער אַ פּסעוודאָנים: משה לאַמעד. דערפון קאָן מען זען אַז ס'איז מיר לחלוטין נישט געגאַנגען אין ווערן באַקאַנט, נאָר מיין שליח, דאָס וואָרט, זאָל ווערן געזאָגט.

אינעם שטרעבן צו האָבן אַן עטישע באַציִונג צום וואָרט, נישט אַלס בלויזער קאָמוניקאַציע־מיטל, ווערן געשאַפן און טראַנספאָרמירט געוויינטלעכע סובסטאַנצן אין אויסערגעוויינטלעכע, בעסערע, שענערע געדאַנקען.

ווי אַ מאָלער נעמט פּשוטע, צוגעגנגלעכע פאַר יעדן פאַרבן און קאָמפּאָנירט פון זיי בילדער וואָס מיר באַוווּנדערן, אַזוי אויך דער פּאָעט.

אויך פיזיקער טרוימען צו קאָנען טוישן מאָלעקולן און מאַכן פון זיי גאָלד כּדי צו באַשענערן די וועלט.

איך וויל פאַרענדיקן מיינע מחשבות און זאָגן, אַז מיין באַשיידענער צושטייער איז באַווירקט געוואָרן דורך מיין טאַטנס ע״ה גורל, וואָס האָט צעבראָכן מיין שווייגן.

דאָסטאָיעווסקי זאָגט אַז „וואָס פינצטערער די נאַכט, אַלץ ליכטיקער די שטערן און וואָס טיפער ס׳איז די פּיין, אַלץ נענטער איז צו גאָט״.

מיין טאַטע ע״ה האָט אין די ענלעכע פינצטערע דאָסטאָיעווסקי־נעכט אויפן ווייסן צפון געריידט צו גאָט דורך תּפילות און איך האָב עס געפּרוּווט טאָן אין לידער.

# אינהאַלט

## די דיכטונג פון משה לאָקיעטש

9 — אליהו ליפינער — והאיש משה...
12 — ח. ש. קאַזדאַן — משה לאָקיעטש — „גורל פון אַ קרייז״
14 — פראָפ. יודל מאַרק — פּאָעזיע פון געזונטער פשטות
20 — ח. ש. קאַזדאַן — משה לאָקיעטש — „מיט שטילן קול״
26 — פסח טאַבאַק — דער דיכטער משה לאָקיעטש
31 — אפרים אויערבאַך — משה לאָקיעטש לידער — „גורל פון אַ קרייז״
34 — פיניע פּאַלאַטניק — „גורל פון אַ קרייז״
38 — באָרווין פרענקעל — משה לאָקיעטש — „גורל פון אַ קרייז״
44 — מאיר קוטשינסקי — אַ דיכטער — אַ יגיע כפּיים
52 — באָרווין פרענקעל — משה לאָקיעטש — „מיט שטילן קול״
55 — מאיר קוטשינסקי — פון דור צו דור
60 — אברהם לעוו — „גורל פון אַ קרייז״
65 — מ. סדן קאָוואַדלאָ — פון דער טייגע ביזן פּאַלמע־לאַנד
69 — פייוול זיגלבוים — דער דיכטער משה לאָקיעטש
75 — ישראל עמיאָט — משה לאָקיעטשעס לידערבוך „גורל פון אַ קרייז״
77 — הערש שוואַרץ — משה לאָקיעטש — דער פּאָעט
79 — אברהם סערעברעניק — משה לאָקיעטש

## פון זיין ליטעראַרישן עזבון

### לידער

85 — רייד צו זיך
86 — גאַסן דאַוונען אום יום־כּיפּור
87 — ביבליאָטעקן
88 — מבול אין ריאָ

89 — קלויבן וואָס ?
90 — שטילקייט
91 — כ׳האָב הײַנט
93 — מערכה
94 — גורל
95 — געדענקסט ?
96 — מחשבות
97 — הײַנט
98 — מיין טיר צו מיר
100 — אַסימילאַציע
101 — ווינטן
102 — אַ טרוים
103 — גרענעצן
104 — אויטאָקריטיש
105 — זכרונות האָבן גופים
106 — וואַרשע, מײַן וואַרשע
108 — קאָשמאַר
109 — בענקשאַפט

## עסייען

110 — די צייט וועבט אַ לעגענדע
115 — דיכטונג און דיכטער